# אינהאַלט



(ביז דער סאָציאַלער רעוואָלוציע)

# פאָרוואָרט

אין די ערשטע יאָרן פון דער וועלט-מלחמה, אין די יאָרן 1915—1914, האָבן שטאַרק אויפגעוואַכט צום לעבן אַסך פאַרוואָרפענע און פאַרוואָרלאָזטע געגנטן און ווינקעלעך אויפן גרויסן שטח פון געוועזענעם רוסלאַנד.

דער עיקר האָט אויף זיך געצויגן אויפמערקזאַמקייט די ווייטע, קאַלטע סיביר.

אַלע גרעסערע סיבירער שטעט און שטעטלעך, אָנהויבנדיק פון באַיקאַל, זענען דאַמאָלסט געווען פאַרפלייצט פון אַלערליי אונטערנעמער און אינזשיניערן — ענגלישע, פראַנצויזישע, איטאַליענישע א. א.; איבערהויפט זענען געווען באַזוכט די שטעט, וואָס ליגן ביי גרעסערע טייכן: אירקוטסק—אויפן אַנגאַרא, יעניסעיסק, קראַסנאָיאַרסק, מינוסינסק—אויפן יעניסעי, אַנדערע שטעט אויפן אָב, אירטיש א. א. וו.

די הויפט-אויפמערקזאַמקייט פון די אויסלענדישע אונטערנעמער איז געלייגט געוואָרן אויף די פלעצער, אין וועלכע מען האָט גערעכנט, אַז דאָרט זענען באַהאַלטן מעטאַלן, נאַפט, זאַלץ, קוילן און אַנדערע מינעראַלן.

אַלע זיי האָבן מיטאַמאָל געקראָגן חשק צו סיבירער גאָלד-גרובן, שטאָל- און אייזן-מינעס, צו דעם פיש- און קאַוויאָר-מסחר, צו די אומבאַרירטע וועלדער, וואָס ציען זיך דאָרט אויף הונדערטער מיילן, ווי אויך צו אַנדערע נאַטור-רייכטימער, וואָס זענען באַהאַלטן און באַגראָבן אין די ענדלאָזע סיבירער שטחים.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז עס האָבן אויך נישט געפעלט קיין אייגענע, רוסלענדישע, היימישע „פאָרשער", וואָס האָבן זיך גענומען צו אונטערזוכן סיביר, און צווישן דידאָזיקע היימישע זענען אחינו בני ישראל געווען פאַרטראָטן גאַנץ היפשלעך.

די היימישע אונטערנעמער האָבן זייער פלוצלינגדיקע ליבע צו סיביר דערקלערט און פאַרפּוצט מיט פּאַטריאָטיזם, וועלכער איז צו יענער צייט געווען אַ גאַנגבאַרער אַרטיקל, מיט וועלכן מען האָט איינער דעם צווייטן אויף אַ פאַרשייטן אופן גענאַרט, און אַזוי־אַרום פלעגט מען אַרויסבאַקומען פון דער רעגירונג קאָנצעסיעס אויף פאַרשידענע אונטערנעמונגען.

אין דער מלחמה־מהומה, ווען די געלט־גייציקייט פון פאַר־שידענע אונטערנעמער האָט דערגרייכט די העכסטע מדרגה, האָבן זיך אין רוסלאַנד געגרינדעט אָן אַ צאָל געזעלשאַפטן מיט גרויסע קאַפּיטאַלן, כדי אויף אַ פּאַטריאָטישן אופן אַריינצוכאַפּן אין די הענט אַלץ, וואָס עס וועט זיך נאָר לאָזן.

איינע פון דעם מין אַקציע־געזעלשאַפטן, אַ יידישע, האָט זיך געגרינדעט אין יאָר 1915 און האָט באַלד באַקומען אַ וואַלד־קאָנ־צעסיע ביים געוועזענעם צאַר ניקאָליי דעם צווייטן אין „זיינע" סי־בירישע גיטער (אודיעלניאַ זעמלי).

די קאָנצעסיע איז געלעגן ווייט, אויף דער סאָיאָטאָ־מאָנגאָ־לישער גרענעץ, ביי די סאָיאַנען. קיין ייד האָט זיך דאָרט נישט געטאָרט געפינען אפילו אַלס פאַרשיקטער. און אַזוי ווי די געזעל־שאַפט איז געווען אַ ריין־יידישע, האָט מען פון יוצא וועגן אַריינ־גענומען כלומרשט אין שותפות אַ געוועזענעם גענעראַל, מיט דער כוונה צו ווירקן דורך אים אין די הויכע פענסטער, אַז אַ דערלויי־בעניש זאָל אַרויסגעגעבן ווערן פאַר יידן צו וווינען דאָרט.

דער גענעראַל האָט פאַר דערדאָזיקער שותפות באַקומען אַ היפּשע מטבע, און האָט זיך אָנגעהויבן משתדל זיין וועגן וווינרעכט פאַר זיינע יידן אויפן שטח פון דער קאָנצעסיע.

נאָך לאַנגע השתדלותן האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין דעם פאַל העלפט דער „פּאַטריאָטיזם" אויך נישט, און אחינו בני ישראל האָבן זיך סוף־כל־סוף באַדאַרפט לאָזן אין ווייטן וועג אַריין אויפן אַלטן יידישן שטייגער: אויף גאָטס באַראָט און אויפן איספּראַווניקס יושר...

דידאָזיקע אונטערנעמונג האָט מיך פאַראינטערעסירט צוליב צוויי סיבות: ערשטנס האָט מיך געריצט די מעגלעכקייט צו באַ־

זוכן די ווייטע געגנט מיט אירע נאַטור-שיינקייטן און עקזאָטישע איינוווינער, און צווייטנס האָט מיך געצויגן צו מיין אַלטן חבר א. ווייטער *).

(א. ווייטער איז אין 1912 פאַרשיקט געוואָרן אויף פיר יאָר אין טורוכאַנסק, נאָך אַ לענגערער השתדלות (דר. קאַצענעלנסאָן—בוקי בן יגלי, בן-ציון פּק א. א.) איז א. ווייטער אין סעפּטעמבער 1914 באַפרייט געוואָרן, אָבער צוליב די מלחמה-געשעענישן, האָט אים די פּאָליטישע פּאָליציי פאַרבאָטן אַריינצופאָרן אין גרעסערע שטעט פון אייראָפּעאישן רוסלאַנד, און דעריבער האָט ער זיך באַזעצט אין קראַסנאָיאַרסק, ווו ער איז איינגעלאַדן געוואָרן אַלס אָנגע-שטעלטער אין הויפּט-פאַרוואַלטונג פון דער מינוסינסק-אַטשינסקער באַן, וועלכע האָט זיך דאַן געבויט).

אַזוי ווי אין דער דערמאָנטער אַקציע-געזעלשאַפט האָבן זיך באַטייליקט אַ פּאָר מיינע באַקאַנטע, האָב איך אויסגעווירקט, מען זאָל מיך אַרייננעמען צווישן די, וואָס דאַרפן פאָרן צו דער קאָנ-צעסיע, און בין טאַקע באַשטימט געוואָרן אַלס דער אָנפירער פון דערדאָזיקער אונטערנעמונג אויפן אָרט.

אין הארבסט 1915 האָב איך פאַרלאָזן מיין היים,—דעם פאַר-נעפּלטן און פאַרפּאַטריאָטעוועטן פּעטערבורג, און אין זיבן טעג אַרום האָט מיך דער אַמאָליקער עקספּרעס געבראַכט קיין קראַס-נאָיאַרסק, ווו א. ווייטער האָט מיך פאַרהאַלטן עטלעכע טעג.

דער וועג, וואָס איז מיר פאַרגעשטאַנען פון קראַסנאָיאַרסק צו דער קאָנצעסיע, איז געווען זייער אַ שווערער: ביי שרעקלעכער קעלט, ביי פרעסט פון עטלעכע און פערציק גראַד, האָב איך באַ-דאַרפט דורכמאַכן מיטן פור אַרום צוועלף—דרייצנהונדערט וויאָרסט. מען האָט זיך באַדאַרפט גוט אָנפּעלצן און איינוויקלען, און דאָס האָט געשטערט און געבונדן יעדע באַוועגונג.

זענען אַלע פאַרבאַרייטונגען צו דער נסיעה געמאַכט געוואָרן זייער פאָרזיכטיק: אַ שליטן אַ געראַמער, אַ גרויסער, בערענע

---

*) טראַגיש אומגעקומען פון אַ מערדערישער האַנט דעם 21 אַפּריל 1919 אין ווילנע.

פעלן צו איינוויקלען זיך. אַ בויד איבערן שליטן, און דער עיקר — זייער גוטע און פלינקע פערדלעך.

צום גליק איז דער וועטער געווען אַ שטילער, קיין בוראַנען און קיין פורגאַ זענען נישט געווען, די זון האָט נישט נאָר העל געשיינט, נאָר זי האָט אויך גאַנץ היפּש געוואַרעמט, און דעריבער איז די נסיעה געגאַנגען כשורה.

די ערשטע טעג בין איך כסדר געפאָרן מיטן טייך יעניסעי, צווישן די וווּנדערלעך שיינע פעלזיקע ברעגן, פעלזן פון רויטן יאַשמאַ שטיין, גראַניט און גראָען זאַמדשטיין. די שטראָמיקע יעניסעי-וואַסערן, וואָס האָבן זיך ווי מיט געוואַלד דורכגעריסן צווישן די פעלזיקע ברעגן, — זענען איצט געלעגן רואיק אונטער דעם קלאָפּ־מער־דיקן אייז און האָבן געשפּרייט אַ גלייכן וועג פאַר די צופעליקע דורכפאָרער...

די קליינע, פלינקע סיבירער פערדלעך פון מיין „קאַראַוואַן" האָבן זיך געטראָגן טאָג־איין, טאָג־אויס אַלץ פאָרויס, ביז מיר זענען אויפן פינפטן טאָג, דורכגעפרוירענע און פאַרמאַטערטע, אָנגעקומען קיין מינוסינסק.

דאָ האָט מיך קודם כל באַגעגנט „גאַטס באַראַט און דעם איספּראַווניקס יושר"... אין קיין האָטעל האָט מען מיך נישט געוואָלט אַריינלאָזן, ווייל אין מיין פּאַספּאָרט איז געשטאַנען דער באַרימטער פּסוק: — „גילטיק נאָר דאָרט, וווּ יידן מעגן וווינען". און עס איז געקומען, כּמעט בלייב אין גאַס.

שטיין אין גאַס מיט פערד און וואָגן האָט נישט געטויגט, ווייל דאָס וואָלט נאָך מער ציען די אויפמערקזאַמקייט פון דער פּאָליציי. האָבן מיר זיך דעריבער געלאָזט איינציקווייז איבערן שטעטל, — אפשר וועט גאָט העלפן... און די פערד האָבן עוקר געווען פון די הויפּט־גאַסן אויף אַ זייטיק געסל ערגעץ.

און גאָט האָט טאַקע געהאָלפן: נאָך גרויסע באַמיאונגען מצד אַ קריסט, וואָס איז מיט מיר געפאָרן, נאָך אַ היפּשן דאַנק־אַפּוטיקי, האָט זיך איינגעגעבן צו פועלן אין אַ קלענערן האָטעל, מען זאָל אונז אַריינלאָזן כּמעט אויף אַ פּאָר שעה אָפּרוען און אָנוואַרעמען זיך, אָבער קיין גרויס נחת האָבן מיר אויך פון דער אכסניה נישט

געהאט. יעדע רגע האָט זיך אויפן שהעל פון אונזער צימער באוויזן א פארשוין מיט דער אכזריותדיקער פראגע, צי מיר פאָרן באלד אוועק. ארומדרייענדיק זיך אזוי באהאלטענערהייט א פאָר שעה אין שטעטל, נישט באוויזנדיק אָפּצורוען זיך און כאפּן א גלעזל טיי, האָבן מיר זיך געמוזט ווייטער לאָזן אין וועג, קאַלטן וועג אריין.

קיין גרויסער גוטער פריינט בין איך, פאר אזא קבלת-פּנים, מינוסינסק נישט געבליבן...

פארלאָזנדיק מינוסינסק, בין איך אריינגעפאָרן אין ענדלאָזן קאָיבאלער סטעפּ מיט זיינע עקזאָטישע איינוווינער און יורטעס, וואָס האָבן זיך אָנגעהויפּט ביי די ברעגעס פון די ווייניקע טייכלעך, וואָס דער סטעפּ פארמאָגט, מיט די צויבערלעכע נאַטור-שיינקייטן, מיט די סילועטן פון די סאיאנען, וואָס טורעמען און באשיינען דעם ריזיקן קאָיבאל-טאָל.

אלץ, וואָס איך האָב דאָרט אין דעם ווייטן וונדערלאנד געזען און געהערט,—וויל איך אין דעמדאָזיקן בוך איבערגעבן.

* * * * * * * * * * * *

I

# קאַיבאַל

אַ רייך־וואָרט פאַר די האַלב־ווילדע איינוווינער פון דער גרענעצלאָזער פּריירי, אַ רייך־וואָרט, אַ פאַרהילטס אין טויזנט־יאָריקע לעגענדעס, וואָס גייען איבער פון דור צו דור ביי די ביסלעכווייז אויסשטאַרבנדיקע העלדן פון די ווילדע סאַיאָטאַ־מאָנגאָלער סטעפּעס.

קאַיבאַלער סטעפּ!

צענדליקער טויזנטער קוואַדראַט וויאָרסטן שטח אונטערן ריינעם, העל־גרינעם הימל, פאַרזייט און פאַרשאָטן מיט אַ וואַלד קורגאַנעס — שטיינער, מצבות פון מענטשלעכע לעבנס, שפּורן פון פּרעהיסטאָרישן מענטשלעכן ישוב.

און איבער דער קאַיבאַלער רחבות טראָגן זיך אין ווילדן וויכער די קרום־שמאָל אויגיקע איינוווינער פון די יורטעס און אולוסן אויף קליינע פערדלעך, זינגען זייערע ווילדע לידער מיט אַ האַרט־געשטאַלטן ריטם, און פאַרמעסטן זיך אין לוסט און ווילדקייט מיט די בייזע אָסיען־ווינטן, מיט נאָדל־שטעכיקער פורגא אין ווינטער און וועבן זייערע לעגענדעס ווייטער, ווייטער, באַצירן זיי מיט טרויער־טענער און אָפט מיט אַ טרער אויף די ציטערנדיקע אויגן...

— די שטיינער, די קורגאַנעס?

דאָס איז אונזער נישט־געשריבענע געשיכטע! — דער־ציילן די גרייז־גראָע זקנים.

און די יונגע הערן זיך צו און נעמען אויף מיט ציטער און

מיט ליבע יעדעס וואָרט פון דער צויבערלעכער געשיכטע־לע־גענדע.

— געווען איז עס לאַנג־לאַנג, אַמאָל, ווען אונזערע שונאים פון קירגיזן לאַנד און פון קאַטשע, דער טייך, זענען אונז באַ־פאַלן, האָבן געוואָלט אַוועקנעמען פון אונז די קאָיבאַלער סטעפּ און רחבות, געוואָלט אונז אין שקלאַפן פאַרוואַנדלען. אַלע ווי איינער האָבן מיר זיך אויפגעהויבן קעגן אונזערע שונאים, געקעמפט ווי די לייבן יאָרן־לאַנג, דורות זענען אַוועק, נייע זענען אַנשטאַנען, און דער קאַמף האָט נישט אויפגעהערט. קאָיבאַל איז פאַרטרונקען געוואָרן אין בלוט, און אין כמורע אָסיען טעג האָבן די סטעפּ־ווינטן געשריגן צום הימל, אָבער מיר זענען אַלץ שוואַכער און שוואַכער געוואָרן און דער קאַמף איז געווען פאַרלוירן. דאַן האָבן אַלע, וואָס זענען געווען אויפן שלאַכטפעלד, אַליין זיך קברים אויסגעגראָבן, שטיינער דערביי אַלס מצבות אויף זיך אויפגעשטעלט און האָבן זיך לעבעדיקער־הייט באַגראָבן: בעסער אַ העלדישער טויט איידער ווערן אַ שקלאַף!

אין איין טאָג איז דער זינגנדיקער קאָיבאַלער סטעפּ פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בית־עולם...

און דאָרט, ווייט אין נעבל, די ריזיקע סאַיאַנען צופוסנס, זעט איר דאָרט אַ באַרג אַ הויכן אין דער מראה פון אַ זאָטל, מיט זונען־גאָלד באַלויכטן? דאָס איז דער קבר פון אונזער העלד קוטשום, דער כאַן דער גרויסער.

ווען דער פרייער קאָיבאַל איז אין אַ בית־עולם פאַר־וואַנדלט געוואָרן, האָט אונזער פירער, דער כאַן קוטשום דער גרויסער, דעם צער שוין מער נישט געקאָנט פאַרטראָגן, איז ער מיט זיין הייליק פערד און גאָלדן זאָטל אַרויף אויפן שפּיץ באַרג, די הענט צעשפּרייט צו גאָט אין אַ הייסער תפילה — ער זאָל זיין טיפן צער פאַרנעמען, זיין שווער געמיט מנוחה געבן...

האָט זיך שטיל דער באַרג געעפנט און דעם גוטן כאַן מיט פערד און זאָטל אויף אייביקער רו צו זיך גענומען און

האָט זיך צוריק געשלאָסן. און דער רוקן פון דעם באַרג האָט די פאָרם פון אַ זאָטל אָנגענומען און איז שוין אַזוי פאַרבליבן פון יענע אַלטע, אַלטע צייטן ביז צו היינטיקן טאָג.

און הייסן הייסט דער באַרג דעריבער — איזיק כאַן.

און שטענדיק, שטענדיק, אין כמורע טעג און טריבע, און אין שוואַרצע נעכט פון טרויער, שטענדיק איז דער באַרג באַלויכטן. עס טראָגט פון באַרג אַ ליכט זיך, עס שיינט אַרויס דאָס גאָלד פון כאַן דעם גרויסנס זאָטל...

פאַרגאַפטע הערן צו די יונגע די לעגענדעס, וואָס ס'דערציילן זיי די זקנים און פאַרשליסן עס אין האַרצן און צעטראָגן עס ווייטער, אַלץ ווייטער, צו די נייע, יונגע דורות...

קאָיבאַל!

אַ רייך-וואָרט פאַר די אָפּגעזונדערטע און אָפּגעשלאָסענע פון דער גרויסער וועלט, פאַר די וואָס לעבן טויזנטער יאָרן אין יורטעס און אולוסן, רויכערן שטויב פון דין צעמאָלענע פייכטע צווייגן, רעדן מיט פערד ווי מיט מענטשן, קליידן זומער זיך אין פעלצן, בוקן זיך צו קיזל-שטיינער און פאַרהייליקן שאמאנען, ווי גאָטס דירעקטע שלוחים...

קאָיבאַל!

אַ רעטעניש פאַר קולטור-פאָרשער, אַן אוצר פון מענטשלעכער געשיכטע, פלאסטן גאַנצע, שפּורן פון מענטשלעכן גייסט זוכעניש, קאַמף, פריידן און ליידן...

II

## קאָיבאַלער סטעפּ

קאָיבאַלער סטעפּ פאַרנעמט אַ שטח פון פערציק טויזנט קוואַדראַט ווערסט. פון איין זייט איז עס באַצוימט מיט די דרומדיקע בערג-שפּיצן פון וווּנדערבאַרן אַלטאַי, פון דער אַנדערער — מיט די ריזיקע פעלזן פון די סאיאַנען און פאַר-

ענדיקט זיך ביים צוזאַמענגוס פון דעם דרייטויזנט וויאָרסטיקן יעניסיי מיט דעם קאַסקאַד-ברויזנדיקן, מטושטשען אבאַקאַן.

דער נידעריקערער טייל, וואָס ליגט ביי די צוויי דערמאָנטע טייכן, געפינט זיך נענטער צו מינוסינסקער געגנט. דערדאָזיקער טייל פון קאָיבאַלער סטעפּ איז די ברויט-געבער פון מזרח סיביר און נישט נאָר פאַר זיך, נאָר אויך פאַר אַ גרויסן טייל פון דער ציוויליזירטער אייראָפּע.

אַזוי, על-כל-פּנים, איז עס געווען ביז דער מלחמה.

אַהער האָט עס סטאָליפּין געשיקט זיינע „כוטאָרצעס-פּערעסעליענצעס", וועלכע זענען אין אַ גרויסער צאָל אומגע-קומען צוליב אומדערפאַרנקייט און הילפסלאָזיקייט אין דער גרויסער, ברייטער און ווילדער פּריירי...

גאַנץ קאָיבאַל איז דורכגעשניטן מיט קליינע טייכלעך (יעס, מאַטור, טאַש-טיפּ, טשעכאַן, טשעבאַש, איזונזשול, אנא א. אַ. וו.), וואָס שטראָמען אין אבאַקאַן — אַ גרויסע צענ-טראַל טייך אין מיטן סטעפּ.

אַרום דידאָזיקע טייכלעך, איבערן גאַנצן שטח פון קאָי-באַל, זענען — ווי מער, ווי ווייניקער — צעוואָרפן אולוסן (דערפלעך אַזוינע), וועלכע זענען פון אור-אַלטע צייטן באַוווינט פון פאַרשידענע האַלב-ווילדע טאַטערישע און ריין מאָנגאָלישע שבטים. באַצייכנט מיט די נעמען פון די טייכלעך, נעבן וועלכע זיי האָבן זייער ישוב (קאַטשינצעס, מאַטורצעס, טאַשיפּצעס א. אַ. וו.), די אָריענטירונג זייערע, הן געאָגראַפיש, הן עקאָנאָ-מיש גייט נאָך עד היום לויט די טייכלעך.

דער גאַנצער שטח פון קאָיבאַלער סטעפּ אין זיין נידע-ריקן טייל, נענטער צו די טייכן, איז באַשאָטן מיט הויכע, שטייענדיקע שטיינער, אויסגעשטעלט אין פאַרשידענע פאָרמען און ציילן מיט אויפשריפטן אויף אייניקע פון זיי, און די פעל-דער מאַכן אַן איינדרוק פון אַן ענדלאָזן בית עולם.

אין אַ סך ערטער זענען דידאָזיקע בית-עולם-פלעצער שוין אויפגעגראָבן געוואָרן פון פאַרשידענע פאָרשער און עס



קורגאַן־שטיין „באַלאָבאַל“.

זענען געפונען געוואָרן פיל חכצים פון מענטשלעכן געברויך, וואָס שטאַמען פון גאָר אַלטע צייטן.

אַזוי האָט דער באַוווּסטער געאָלאָג פּראָפעסאָר יאַקאָווליעוו, אויספאָרשנדיק אַלטאַי, אויך באַזוכט מיט זיין עקספּעדיציע דעם דרום-מזרח טייל פון סיביר (מינוסינסקע געגנט) און האָט גע-פונען אונטער אייניקע מצבות שטיינערנע געשיר, שטוב-מכשירים געווער און אויך קונסט-זאַכן, וועלכע געפינען זיך איצט אין אַזיאַטישן מוזיי אין לענינגראַד און אין מינוסינסקער געגנט-מוזיי. אַלע אויסגראָבונגען באַווייזן דייטלעך, אַז דידאָזיקע שטיינער זענען שפּורן פון אַמאָליקן, אוראַלטן ישוב, אָבער די האַלב-ווילדע איינוווינער גלויבן נאָך עד היום, אַז דאָס זענען מצבות אויף די קברים פון די העלדן, וואָס האָבן זיך לעבע-דיקערהייט באַגראָבן אַמאָל, אַמאָל, אין צייט פון קריג, כּדי נישט אַריינצופאַלן צום שונא אין די הענט...

## די אולוסן און די יורטעס

די אולוסן זענען אָנגעהויפט און צעוואָרפן האַרט נעבן די טייכלעך צוליב צוויי טעמים: ערשטנס — ווייל קיין אַנ-דערע וואַסער-קוואַלן זענען נישט פאַראַן אויף דעם קאָיבאַלער סטעפּ און צווייטנס — ווייל די טייכלעך דינען זומער-צייט אַלס טראַנספּאָרט מיטלען צו איבערפירן משא: פערד, בהמות א. אַ. וו. אויף אַ זייער פּרימיטיוון אופן — אויף צונויפגע-בונדענע קלעצער, וואָס ווערן ספּעציעל פאַר דעם צוגעגרייט ווינטער אין די הויכע טיילן קאָיבאַל, ווו עס הויבן זיך אָן די אַלטאַישע און סאַיאַנישע פּיכטע און צעדער-וועלדער.

די וווינונגען פון די אולוסן-איינוווינער זענען יורטעס, פּשוטע ביידלעך, צונויפגעשטעלט פון שטיקלעך האָלץ, שטיינער צוגעדעקטע מיט קאָרע. געבויט זענען זיי קיילעכדיק און משופּעדיק, מיט אַן עפענונג אין אַ זייט אַלס אַריינגאַנג. אין מיטן יורטע איז אויפגעשטעלט אַ מין מזבח, אויף וועלכן עס ברענט פייער טאָג און נאַכט. דער רויך גייט אַרויס דורך דעם

האַלב־אָפּענעם דאַך, אָבער אין די יורטעס איז דאָך אַלעמאָל רויכיק. זיצן זיצט מען אויף דער ערד, און צום עסן דינען זייער נידעריקע טישלעך, אַזוי, אַז עס זאָל זיין באַקוועם צו באַנוצן עס, זיצנדיק אויף דער ערד. שלאָפן שלאָפט מען אויך אויף דער ערד, נעבן די ווענט, ווו דער ז׳אַך לאָזט נישט דורך קיין רעגן, און אין די קאַלטע ווינטער־נעכט ליגט מען מיט די פיס צום מזבח מיטן פייער.

לעצטנס האָבן די מער־פאַרמעגלעכע טאָטערן אָנגעהויבן בויען פאַר זיך ווינונגען אויף אַ „מאָדערנעם” אופן... אָבער אַלץ טאַקע יורטעס, לויט דער אַלטער אַרכיטעקטור, וואָס איז זיי פאַרבליבן פון יענע צייטן, ווען זיי זענען געווען וואַנדער־שבטים און זענען לאַנג אויף איין אָרט נישט געזעסן.

לויט זייערע באַקוועמלעכקייטן שיידן זיך די „מאָדערנע” יורטעס ווייניק וואָס אָפּ פון די נישט מאָדערנע: דערזעלביקער שטיקנדיקער רויך שטענדיק, דיזעלביקע קעלט אין די בייזע ווינטער־נעכט, דאָך אָבער זענען זיי פיל בעסער — העכער, גרעסער אין שטח. אַרום די ווענט זענען שוין דאָ נאַרעס צום שלאָפן, עס זענען אויך פאַראַן ספּעציעלע פּאָליצעס פאַר געשיר און אַנדערע שטוב־מכשירים. די נייע יורטעס ווערן געבויט צוועלפקאַנטיקע, פון גוטע קלעצלעך, געדעקט מיט ברעטער, און דער אַריינגאַנג איז פאַרשטעלט מיט אַ טיר. פון דרויסן איז דער פונדאַמענט אַרומגעשאָטן מיט ערד, קיין ווינט זאָל נישט אַריינבלאָזן, קיין שניי זאָל נישט פאַרטראָגן ווערן, און אייניקע פון די נייע יורטעס זענען אפילו געפאַרבט פון דרויסן, און די ראַנדן פונם דאַך זענען באַשלאָגן מיט בלעך—אַ הויכע קולטור־מדרגה...

---



ווינקלשטיין פון כאַנישן קורגאַן.

III

## די אינערלעכע איינריכטונג פון די יורטעס

ביי די גאָר רייכע איינוווינער פון די יורטעס זענען
די ווענט באַהאַנגען מיט טייערע פערסישע טעפּיכער און אויך
מיט ביליקערע קלענערע טעפּיכלעך פון אייגענער האַנט-אַר-
בעט. דאָס טרעפט מען דערעיקר ביי יעניקע, וואָס האַנדלען
מיט פערסיען, כינע און מאָנגאָליען, און אַזעלכע הענדלער זע-
נען דאָ אַ היפּש ביסל.

ביי איינעם אַ באַקאַנטן רייכן טאָטער, מיטן נאָמען קאָ-
קונטשעי (פון אולוס „בעלי-יאר״), וועלכער פלעגט מיך רופן
נישט אַנדערש ווי „נאַנדזי״ (פריינט), האָב איך געטראָפן אַ
זעלטענעם פערסישן טעפּיך, פאַר וועלכן דורכפאָרנדיקע רויכ-
וואַרג-הענדלער האָבן אָנגעבאָטן פיר טויזנט רובל. ער האָט
עס אָבער נישט געוואָלט פאַרקויפן, ווייל ס׳איז געווען זייער
בונט-שפּילעוודיק, פאַרביק.

בכלל האָבן די קאָיבאַלער איינוווינער (חוץ די פראַ-
וואָסלאַוונע קאָזאַקן, וואָס געפינען זיך דאָרט נישט אין קיין
גרויסער צאָל) אַ גוואַלדיקע ליידנשאַפט צו בונטע זאַכן און
חפצים, דערהויפּט צו גלאָזוואַרג. פאַר אַ שטיקל פּשוט גלאָז
פון אַ צעבראָכענער כלי, זאָל עס נאָר זיין פאַרביק (בלוי,
רויט, געל), זענען זיי גרייט אַוועקצוגעבן כל הון דעלמא.
יעדע יורטע פון אַ מער אָדער ווייניקער פאַרמעגלעכער פאַ-
מיליע איז באַפּוצט מיט אַ האַלבער מאה פּראָסט-פּשוטע, אָבער
קאָלירטע פלעשער פון וויין, ביר וכדומה, מיט עטלעכע צענד-
ליק קוביקלעך, טעצעלעך און גלעזלעך, פאַרביק און בונט-
באַקוויטלטע. דאָס איז ביי זיי דאָס גרעסטע צירונג אין הויז,
אַ סימן פון רייכקייט, פון גוטן טאָן. דידאָזיקע גלאָזוואַרג איז
אויסגעשטעלט אויף פּאָליצעס אין רייען און בלייבן אַזוי
שטיין יאָרנלאַנג אומבאַרירט און אומבאַנוצט, נאָר פון שיינ-
קייט וועגן.

די הויז־מכשירים זייערע זענען אָנגעהויפט אין אַ ווינקל ערגעץ. דאָרט געפינט איר דאָס קליינע נידעריקע טישל, וואָס מען באַנוצט צום עסן, די הילצערנע לעפל און שיסלען, די בלויע פאַרבּרענטע טעפּ און קעסלען, טישטיכער, האַנטיכער, בעטגעוואַנט וכדומה חפצים פון שטוביקן געברויך — אַלץ ליגט צוזאַמענגעוואָרפן אין איין קופּע. די קליינע קינדער, שמוציקע, יאָרנלאַנג נישט געוואַשענע, זיצן אַרום דעם פייער־מזבח, זיצן שטיל און וואַרטן, ווען וועט שוין די באַלעבאָסטע — די מוטער אָדער עלטערע שוועסטער — זיי אָנהויבן שלאָגן... און שלאָגן דאָס קליינוואַרג, שלאָגט מען אכזריותדיק, און וואָס מער די קינדער שרייען — אַלץ מער שלאָגט מען זיי. און צום סוף, כּדי פּטור צו ווערן פונם געשריי, גיט מען זיי אַ שטיקל ברויט אָדער... בּראָנפן, שלעכטן בראָנפן פון היימישע ברויערייַ, פון וועלכן עס טראָגט אַ שרעקלעכן ריח. גאַנץ גוטמוטיק גיסט מען אַריין דעם קינד אַ גלעזעלע שנאַפּס אין מיילעכל אַריין, דאָס קינד ווערט צעטומלט, קוקט מיט שטאַרע אויגעלעך און ווערט אַנטשוויגן. דערדאָזיקער מעטאָד פון איינשטילן קינדער ווערט באַנוצט זייער אָפט, איבערהויפּט ווען אין יורטע קומט אַריין אַ פרעמדער מענטש, בעת די קינדער וויינען. איך האָב פּערזענלעך בייגעוווינט פיל אַזעלכע פאַלן אין פאַרשידענע ערטער, ביי אָרעמע און רייכע. דער איינדרוק פון דעם איז אַ שוידערלעכער, די קינדער זעען אויס ווי וואַנזיניקע.

אין יורטע, צוזאַמען מיט די בני־בית געפינען זיך אויך קליינע, נישט לאַנג געבוירענע שעפסן, קעלבלעך. דאָ עסן זיי, טוען זייערע אַלע באַדערפעניש, האָדעווען זיך צוזאַמען מיט די מענטשן. און די מענטשן פון די יורטעס ווערן, נאַטירלעך, דאָ אין די ד׳ אמות געבוירן, וואַקסן אויס, האָבן חתונה, האָדעווען קינדער און שטאַרבן...

## קליידונג

די ליידנשאַפט פון די קאַיבאַלער תושבים צו בונטקייט ווייזט זיך אַמשטאַרקסטן אַרויס אין זייער קליידונג. די שרייענ־

דיקסטע שטאָפן, געקווייטלסטע און בונטסטע קליידערצייג שלעפּן זיי אויף זיך אַרויף. זומערצייט, מעגן זיי אפילו טראָגן פעלצן (מערסטע טראָגן כסדר פעלצן—דער פעלץ באַשיצט פון זון), זענען די פעלצן אָבער באַפּוצט מיט פאַרביקע שטענ·
געלעך און קווייטעלעך, מיט קאָלירטן סאַמעט, מיט פאַרשידע·
נע האַפט פון אייגענער האַנטאַרבעט. איבערהויפּט ווייזן אַרויס דידאָזיקע ליידנשאַפט די פרויען — אַלצאיינס יונג צי אַלט.
מיידלעך ביז צו דער חתונה באַפּוצן זייערע צעפּ מיט הענ·
געלעך און שטענגעלעך, מיט אַלע פאַרבן פון רעגנבויגן. און צעפּ האָט יעדעס מיידל אויפן קאָפּ אַזויפיל, וויפל יאָר זי איז אַלט: יעדעס יאָר קומט צו אַ נייער צאָפּ, אַזוי, אַז די יאָרן זייערע קאָנען זיי בשום אופן נישט פאַרלייקענען... און כדי די האָר זאָל גלאַנצן—שמירן זיי עס מיט פעטס, ס׳מאַכט נישט אויס וועלכע — פוטער, שלעכטער אייל, שמאַלץ וכדומה.
נאָך דער חתונה הערט מען אויף צו פלעכטן יעדעס יאָר אַ צאָפּ, אָבער די צאָל צעפּ, וואָס זענען געוועזן ביז דער חתונה פאַרבלייבן נישט געענדערט אונטערן הויב, מיט וועלכן עס ווערט באַפּוצט דער קאָפּ פון דער פאַרהייראַטער פרוי.

די מענער זענען נישט אַזוי להוט נאָך פאַרביקע קליי·
דער, הגם זיי קליידן זיך אויך זייער אָפט אין סאַמעט, באַ·
פּוצט מיט פאַרשידענע קאָלירטע שנירעלעך און קווייטן, אָבער דערעיקר לייגן זיי גרויס אויפמערקזאַמקייט אויף זייערע יע·
גער·כלי·זין, ספּעציעלע קליידער צום רייטן און אויף פאַר·
שידענע לעדער·מכשירים (זעק, קישנס, רעגנמאַנטלען) פאַר די לאַנגע און ווייטע רייט·נסיעות אין די ווילדע, מיט הויכע גראָזן פאַרוואַקסענע ווינקלען פון קאָיבאַלער סטעפּ, וווהין זיי לאָזן זיך אַוועק אויף ווינטער מיט זייערע סטאַדעס שאָף און ריזיקע טאַבונעס פערד און אויך אויף יאַגד און פישפאַנג.

שוכוואַרג באַנוצן זיי כסדר לעדערנע אין פאָרם פון שטיוול מיט כאָלעוועס, אָבער גענייט אַליין אויף אַ פרימיטיוון אופן — דורכויס ווייך, אָן פּאָדעשוועס מיט די נעט אין מיטן.
קיין באַזונדערע פרויען·שיך זענען נישט פאַראַן, אַלע טראָגן

שטיוול. בלויז אין גרויסע ימים טובים ווערן די שטיוול פאַר־ביטן אויף ווייכע, באַקוועמע אויסגענייטע און באַפּוצטע סאַ־מעטענע שיך—דאָס אָבער קאָנען זיך פאַרגינען בלויז די רײַ־כע תושבים, די אָרעמע ווייסן בכלל נישט פון יום־טובדיקער קליידונג.

היט טראָגן די מענער פאַרשידענע: פעלצענע פון איי־גענער אַרבעט, אַלט־מאָדישע קאַפּעלושן, פערסישע היטלען, כינעזיש־מאָנגאָלישע שטריימעלעך, א. אַז. וו. דאָס ווערט אַלץ געבראַכט פון ווייטע מקומות, וווהין עס לאָזן זיך אַוועק פון צייט צו צייט די סוחרים פון דער געגנט מיט זייערע סחורות.

די מענער טראָגן גאַרטלען, באַהאָנגען מיט פאַרשידענע רויכער־מכשירים.

רויכערן—רויכערן דאָרט כּמעט אַלע, ווייבער אויך. און גראָד די ווייבער באַנוצן די פרימיטיווסטע ליולקעס. קיין טאַבאַק פלאַנצן זיי נישט און קויפן כּמעט אויך נישט, זיי רויכערן דין צעהאַקטע און צעמאָלענע האָלץ פון יונגע פּיכ־טע צווייגן. מכבד זיין אַן אורח מיט אַזאַ ליולקע טאַבאַק איז ביי זיי פאַררעכנט פאַר דעם גרעסטן אויסדרוק פון הכנסת־אורחים, און איך האָב זיך אַליין אין דעם צופעליק איבער־צייגט: איך בין אַמאָל געקומען אין אַן אולוס, בין אַריין אין דער בעסטער יורטע. אין יורטע איז געזעסן אַן אַלטע טאָ־טערקע. זי איז געוואָרן איבעררעאַשט פון אַזאַ מין אורח, האָט זיך טיף פאַרנויגט און איז פאַרשוווּנדן. אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי זיך אומגעקערט מיט אַ צווייגעלע אין האַנט, האָט אַרויסגעשלעפּט פון ערגעץ אַ האַק־ברעטעלע און אַ לאַנגן שאַרפן מעסער און האָט אויף זייער אַ געשיקטן אופן אָנגע־הויבן האַקן און בראָקן דאָס צווייגעלע. אין אַ רגע אַרום איז עס פאַרוואַנדלט געוואָרן אין טאַבאַק. דאַן האָט זי מיט דעם אָנ־געשטאָפּט אַ גרויסע היימישע ליולקע, האָט זי אַליין פאַר־רויכערט, אַרויסגענומען פון מויל און דערלאַנגט מיר. איך



אַ משפּחה קאַטשינצעס בײַ אַרײַנגאַנג פֿון יורטע.

האָב עס צוגענומען ביי איר, באַדאַנקט און מכבד געווען זי מיט אַ פּאַפּיראָס. זי האָט פאַרווונדערט אָנגעקוקט דעם פּאַפּי־ראָס, נישט געוווּסט וואָס צו טון מיט דעם. איך האָב אַליין פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס, געוויזן איר וויאַזוי מען טוט עס, זי האָט מיר נאָכגעטון, און... אַ ברייטער שמייכל פון הנאה און תענוג האָט זיך צעגאָסן אויף איר אַלטן, ברוינעם, צע־קנייטשטן פּנים...

## באַשעפטיקונג

אַמאָל האָבן זיך די טאָטערן פון באַיקאַלער סטעפּ פאַר־נומען בלויז מיט יאַגד און פישפאַנג. לעצטנס פאַרנעמט זיך שוין אַ גרויסער טייל פון זיי מיט ערד־אַרבעט, אָבער אפילו די ערד־אַרבעטער זענען דערעיקר באַשעפטיקט מיט יאַגד און טייל־ווייז אויך מיט פישפאַנג. ערד האָבן זיי דאָרט אַלע גענוג—צו 15—20 דעסיאַטין אויף אַ מענטש, אָבער זיי באַאַרבעטן בלויז אַ טייל פון דעם, אַזוי, אַז נאָך אין פריען ווינטער קויפן זיי שוין ברויט ביי די אָרטיקע קאָזאַקן, וועלכע פאַרנעמען זיך בלויז מיט לאַנדווירטשאַפט. די הויפּט־הכנסה זייערע ציען זיי פון יאַגד. עטלעכע משפחות צוזאַמען לאָזן זיך אוועק אין שפּעטן האַרבסט אויף עטלעכע וואָכן אין אבאקאנער וועלדער; דאָס איז אַ נסיעה פון עטלעכע הונדערט וויאָרסט. עס ווערט געאָרדנט אַ קאַראַוואַן מיט שפּייז פאַר זיך און פאַר די פערד, אַלץ ווערט געלייגט אין לעדערנע זעק אויף די פערד, און מען לאָזט זיך, רייטנדיק, אין וועג אַריין. אין אַ חודש אַרום, אָפט נאָך שפּעטער, קערט מען זיך אום צוריק מיט טויזנטער וועווערקעס, (Scirus vulgaris) פוקסן, מאַראַלן־הערנער, סוי־בעל, בערן־פעל, א. אַז. וו. ווען עס פאַרפרירן די טייכן, דאַן פאָרט מען מיט שליטנס און מען ברענגט די געהרגעטע חיות; די נישט געשוונדענע—שינדט מען איצט אָפּ, און דאָס פלייש רויכערט מען אָדער מען זאַלצט איין און מען עסט עס אַ גאַנץ יאָר. אין די לעצטע ווינטער־חדשים (ווינטער איז

דאָרטן 7—8 חדשים) לאָזט מען זיך מיט פערד און שליטן אויף פיש־געפאַנג. דער צענטער פון פיש־געפאַנג איז דער טייך אַנגאַ, נישט ווייט פון סאיאַנער בערג. אַהין פאַרקלייבט מען זיך אויף 2—3 וואָכן, אויך משפחותווייז, מיט נעצן און אַנ־דערע פאַנג־מכשירים, מיט זעקלעך זאַלץ און פעסער, אין וואָס די געפאַנגענע פיש איינצוזאַלצן. לעבן לעבט מען אויפן ברעג טייך אונטערן אָפענעם הימל, באַשיצנדיק זיך בלויז מיט צווייגן פון ביימער, שפייזנדיק זיך מיט גאַלעטן, צוויבאַק, קנאָבל און פיש. צוריק קומט מען שוין מיט פאַרשלאָגענע פעסער איינגעזאַלצענע פיש, וועלכע מען פירט אין די נענ־טערע שטעט (מינוסינסק—400—500 וויאָרסט, קראַסנאָיאַרסק— 1000 וויאָרסט) פאַרקויפן, און אָפט ברענגט אַזאַ געפאַנג אַריין שיינע עטלעכע הונדערט רובל. דאָס רויכוואַרג ווערט פאַר־קויפט אויפן אָרט. ווינטער־צייט קאָן מען אין די אולוסן טרעפן פיל אָנגעקומענע רויכוואַרג־סוחרים, צו וועמען עס ווערן פאַרקויפט הונדערטער טויזנטער פעי־פעלעכלעך, און אַ גרויסע צאָל בערן־ און מאַראַלן־פעלן, פוקסן, גאָרנאָסטאַיען וכדומה. די מאַראַלן־הערנער, די זאַפט פון יונגע מאַראַלן־הער־נער, וואָס איז אין כינע, מאָנגאָליען און אויך אין פערסיען פאַררעכנט פאַר זייער אַ טייערן מעדיצינישן פּרעפּאַראַט, פירט מען אַוועק דירעקט אין יענע לענדער, ווו מען קאָן קאָן פאַר דעם נעמען די מאַקסימאַלסטע פרייזן. אַהין פירט מען אויך אַוועק ספּעציפיש־טאָטערישע סחורות: אויסגעניייטע סאַמעטענע שיך, הענטשקעס וכדומה, און מען ברענגט צוריק פאָרצעלייע־נע כלים, בונטע שטאָפן, טעפּיכער, היטלען א. אַז. וו.

קיין מאָנגאָליען איז דער וועג זייער נאָענט: דורך די פעלזן־שפּאַלטן פון די סאיאַנער בערג, וואָס טיילן אָפּ סאיאָטן־לאַנד פון מזרח סיביר, פירט אַ שמאָל שטעגעלע, בלויז פאַר רייטער, קיין מאָנגאָליען, און פון דאָרט קיין קאָבדאָ און כי־נע. מיט דעמדאָזיקן וועג האַלטן אָן די קאַיבאַלער טאָטערן זייער האַנדל מיט מאָנגאָליען, סאיאָטיען און כינע. קיין שווע־ריקייטן זענען דאָ נישטאָ, אוז דעריבער איז דער פאַרקער אַ

שטענדיקער. גאַנץ אַנדערש איז עס מיט פּערסיען; אַהער מוז מען שוין פאָרן אפילו מיט דער באַן, מיט דעמדאָזיקן מין קאָמוניקאַציע זענען די קאָיבאַלער תּושבים נישט גאָר שוה בשוה, און דעריבער זענען זייערע נסיעות קיין פּערסיען פיל זעלטענער. אָבער דאָך קומען זיי פאָר נישט ווייניקער, ווי אַמאָל אין דריי-פיר יאָר, און איין רייזנדער פירט אַוועק די סחורות פון אַ גאַנצן אולוס.

כמעט אַלע קאָיבאַלער תּושבים באַזיצן, ווער אין אַ גרע־סערער און ווער אין אַ קלענערער מאָס, סטאַדעס שאָף און טאַבונעס פערד. די פערד-טאַבונעס דערגרייכן צו עטלעכע הונדערט, און שאָף-סטאַדעס צו עטלעכע טויזנט. זומערצייט געפינען זיי זיך נעבן דער היים און שפּייזן זיך אויף די פרישע גרינע לאָנקעס נעבן די טייכן. אין שטאַלן נויטיקן זיי זיך נישט, און דעריבער שטייען זיי סיי זומער און סיי ווינטער אונטערן פרייען הימל. אָנגרייטן היי פאַר אַזעלכע מחנות פערד, שאָף און רינדער איז זייער שווער, און דערי־בער, ווי נאָר דער גרויסער סטעפּ ווערט באַדעקט מיט שניי, טרייבט מען אַוועק די שאָף און רינדער פאַר אַ צוויי-דריי הונדערט וויאָרסט ווייט אין די סטעפּעס אַריין און דאָרטן בלייבן זיי שטיין אַ גאַנצן ווינטער און שפּייזן זיך מיט די אונטערגעשנייטע גראָזן, וואָס זיי גראָבן אַליין אַרויס מיט די פיס פון אונטער דעם טיפן שניי, וועלכער דינט זיי אויך צו שטילן דעם דורשט נאָך די ווילדע גראָזן, וואָס זיי עסן.

קיין שומרים באַדאַרפן די מחנות נישט, זיי באַשיצן זיך אַליין: יונגע ווילדע פערדלעך רינגלען אַרום די טאַבונעס און לאָזן צו זיי נישט צו קיין שום חיה. זייער זעלטן טרעפט, אַז אין משך פון ווינטער זאָל אין אַ טאַבון ווען עס איז פאַרצוגט ווערן אַ פערד, אַזוי אַז די פערד-טאַבונען ווערן אי־בערגעלאָזן אויף גאַטס באַראָט ביז פרילינג, און די שאָף און רינדער-סטאַדעס באַזוכן די אייגנטימער איין מאָל אָדער צוויי מאָל דורכן ווינטער. ווי נאָר דער שניי הייבט זיך אָן צו שמעלצן פון דער וואַרעמער פרילינג-זון, ברענגט מען די

סטאַדעס און די טאַבונעס צוריק אין די אולוסן: אין האַרבסט קלייבט מען אָפּ אַ טייל פון זיי צום פאַרקויפן און די איבע-ריקע מיט די ניי-געבוירענע, צוגעקומענע שיקט מען ווידער אין די סטעפּעס אַריין.

די קאָיבאַלער זענען גרויסע בריות אויפן וואַסער, און דאָס דינט זיי אויך אַלס אַ טייל פון זייער באַשעפטיקונג: פרילינג-צייט לאָזן זיי זיך אַוועק אין דעם וואַלדבאַוואַקסענעם טייל קאָיבאַל, ווו מען האַקט קלעצער, און זיי פאַרנעמען זיך מיט לאָצמאַנישער אַרבעט, — זיי בינדן פּליטן און שווימען מיט זיי איבערן אבאקאן און יעניסעי קיין קראַסנאָיאַרסק און אַפּט נאָך ווייטער.

---

# IV

## היגיענע און געזונטצושטאנד

דער היגיענישער צושטאַנד פון די קאָיבאַלער שבטים איז פּשוט אַ שוידערלעכער. אין די ענגע, שמוציקע, פאַררוי-כערטע יורטעס, אָן לופט און ליכט, לעבן מענטשן און בהמות אינאיינעם. אַלץ צוזאַמען לעבט, עסט און שלאָפט. אַלע באַ-דערפענישן ווערן געטון נעבן דער יורטע, קליינוואַרג און יונגע שאָף און רינד—טוען עס אין יורטע גופא.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז ביי אַזאַ אַרט לעבן קאָן קיין שום רייד נישט זיין וועגן וועלכן עס קולטורעלן היגיענישן מצב. מען וואַשט זיך כמעט קיינמאָל נישט, זייף איז אויסערן געברויך. אפילו זומער אין די גרעסטע היצן, וואָס דערגרייכן צו 48.0 און 50.0 גראַד לויט רעאָמיור, באָדט זיך קיינער נישט; וועש בייטן זיי אַמאָל אין חודש און זעלטענער. אַלע — קליין און גרויס — טרינקען בראָנפן און טרינקען עס אויף אַ

ווילדן אופן—גלעזערווייז. דער בראָנפן איז פשוט סם, יעדע־רע האָט אין יורטע אַ בריזל און מען פאַבריצירט די עיפּוש־דיקע משקה און מען פאַרשיכּורט זיך מיט דעם. אויפן קליינוואַרג ווירקט עס שרעקלעך. שטענדיק זענען זיי צעדולט און פאַרשלאָפן. איבערהויפּט טרינקען זיי ווינטערצייט, ווען מען איז צוליב די גרויסע שנייען און אָפטע פורגע געצוווּנגען צו זיצן אין די יורטעס אָן אַרבעט. זומער וואַלגערן זיך קליין און גרויס אויף די פעלדער אונטערן פרייען הימל. דאַן ווערקט זיך אויף אין זיי אַ ווילדע ליידנשאַפט צום רייטן. קינדער, יונגע מיידלעך, עלטערע פרויען טראָגן זיך ווי די טייוואָלים איבערן סטעפּ אויף קליינע, פלינקע פערדלעך, זינגנדיק מטושטשדיקע לידער און שרייענדיק אויף מיילן ווייט. מיט זייערע שוואַרצע צעפּאַטלטע האָר, בונטע, טשיקאַווע אויפגע־נייטע בגדים און צערעגטע פּנימער, מאַכן זיי אַן איינדרוק ווי צערעגטע חיות, וואָס אַנטלויפן פון בייזע יעגער, און פאַר־נאַכט—צוריק אין יורטע, פאַרמאַטערטע, באַדעקטע מיט שווייס, טרינקט מען זיך אָן מיט שלעכטן בראָנפן, מען עסט זיך אָן מיט פאַראַיאָריקע געזאַלצענע פיש אָדער פלייש פון חיות און מיט קנאָבל און מען לייגט זיך שלאָפן אין דיזעלביקע פאַר־שטויבטע און שמוציקע בגדים. עלטערע פאַררויכערן נאָך ליולקעס מיט האָלץ־טאַבאַק, און דער טאָג איז היגיעניש פאַר־ענדיקט.

ביי אַזאַ מצב זענען עפּידעמישע קראַנקהייטן אומפאַר־מיידלעך, און יאָר־איין, יאָר־אויס בושעווען דאָרט דעזינטעריע, טיפוס, מאַלאַריע, פּאָקן און אַנדערע מחלות, וואָס נעמען צו אַ גרויסע צאָל קרבנות. אַממערסטנס אָבער ליידן די קאָיבאַלער יורטע־תּושבים פון ווענערישע קרענק.

דאָקטאָר ל., פאַרוואַלטער פון זעמסקן האָספּיטאַל אין צענטראַלן פּונקט קאָיבאַל, אין דאָרף בעיסק, האָט אונטער־זוכט די ווילדע באַפעלקערונג און האָט פאַרעפנטלעכט אַן אָפיציעלן באַריכט וועגן זייער געזונטצושטאַנד. די סטאַטיסטיק איז אַ שוידערלעכע: ניינציק פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג

זענען סיפיליטיקער, איבער פערציק פראָצענט — אַלקאָהאָלי־קער, אַ גרויסער פּראָצענט ליידט פון קרעץ, וועלכע ס'איז שווער אויסצוהיילן, מחמת דעם שלעכטן היגיענישן מצב, אין וועלכן זיי לעבן א. ז. וו. די צאָל טויטפאַלן צווישן דער באַפעלקערונג איז אומגעהייער גרויס, די באַפעלקערונג ווערט פון יאָר צו יאָר קלענער, זיי שטאַרבן אויס און, לויט דער באַהויפּטונג פון דאָקטאָר ל., וועט נישט פיל נעמען, און פון די ווילדע שבטים וועט קיין זכר נישט בלייבן, אויב עס וועלן נישט אָנגענומען ווערן קיין עקסטרע־מיטלען צו פאַר־בעסערן זייער היגיענישן אַרט לעבן.

אין דעם באַריכט פון דאָקטאָר ל. ווערט אָנגעוויזן, אַז אַ גרויסע ראָל אין אונטערהאַלטן דעם קיום פון דער טאָטע־רישער באַפעלקערונג, שפּילט דער קנאָבל, וועלכן זיי באַ־נוצן אַלס הויפּטשפּייז. דאָס איז אייגנטלעך נישט קיין קנאָבל, נאָר אַזאַ ווילד גראָז מיט אַ שאַרפן קנאָבל־ריח. דאָסדאָזיקע שפּייז דינט אַלס קעגנגיפט דעם אַלקאָהאָל, וואָס זיי ברויכן, און פאַרהיט זיי פון צינגא, — אַ קרענק, וואָס איז זייער פאַר־שפּרייט אין די סיבירישע טונדרעס.

אַזוי ווי קיין עקסטרע־מיטלען צו פאַרבעסערן דאָס לעבן פון די ווילדע שבטים אין קאַיבאַל ווערן נישט אָנגענומען, איז מעגלעך, אַז ל.ס נבואה זאָל מקוים ווערן, און אין אַ פּאָר הונדערט יאָר אַרום זאָל פון זיי קיין שריד ופליט נישט בלייבן...

## רעליגיע און בילדונג

לויט זייער גלויבן זענען אַלע שבטים פון סאָיאָטאָ־מאָנ־גאָלער געגנט געצנדינער. בלויז אַ קליינער טייל פון זיי, די, וואָס זיצן נענטער צו מינוסינסקער און אַטשינסקער געגנט, זענען, אונטער דער מיסיאָנערישער ווירקונג, וואָס די רוסי־שע רעגירונג האָט דאָרט אַנטוויקלט אין פּאָביעדאָנאָסצעווס צייטן, אַריבער צום קריסטלעכן גלויבן. דאָס האָט אָבער גע־

האַט זייער אַ קליינע ווירקונג אויף זייער אַרט לעבן. ווערנ־דיק קריסטן, חברן זיי זיך דאָך בלויז מיט געצנדינער און ריכטן אָפּ בשתיקה אַלע זייערע רעליגיעזע מנהגים. אין קלויסטער גייען זיי בלויז דאַן, ווען מען צווינגט זיי פּאָלי־צייאיש, די קינדער זייערע אין די זעמסקע און דאָרפישע שולן שיקן זיי זייער זעלטן, אַזוי, אַז דאָס איבערגיין צום קריסטנטום האָט קיין ענדערונג אין זייער לעבן נישט אַריינ־געבראַכט, און פון דער גאַנצער מיסיאָנערישער אַרבעט איז גאָרנישט געוואָרן.

קיין געצן אין די יורטעט האָבן זיי נישט. מחוץ די יורטעס איז אין דער גאַנצער קאָיבאַלער באַווינטער געגנט פאַראַן בלויז צוויי געצן: איינער—אַ גרויסער שטיין אין דער מראה פון אַ יונגפרוי, געפינט זיך אויף דעם טייך יעס, דאָרט ווו זי פאַלט אַריין אין אבאקאַן. דער צווייטער געפינט זיך אין דער העכסטער טייל קאָיבאַל, אַרום דעם „כאנישן קור־גאַן" און זעט אויס ווי אַ געמיש פון פרעהיסטאָרישן מענטש און חיה.

ווער האָט דידאָזיקע שטיינער־געצן באַאַרבעט אין זייער איצטיקער פאָרם—איז נישט באַוווּסט. לויט דער לעגענדע, וואָס איז פאַרשפרייט צווישן די געצנדינער, האָט זיך די „יונגפרוי" פון דעם טייך יעס באַוויזן אויף דעם אָרט אין דער צייט פון די גרויסע מלחמות מיט די שונאים פון קירגיזן־לאַנד און האָט באַשיצט די קעמפנדיקע חיילות פון אומגליקן. ווען די שלאַכט איז געווען פאַרלוירן, און די העלדן האָבן זיך לעבעדיקערהייט באַגראָבן, פאַרוואַנדלענדיק קאָיבאַלער סטעפּ אין אַ בית־עולם, איז די „יונגפרוי" פאַרשטיינערט געוואָרן, און עד היום שיצט זי די מצבות־קורגאַנעס פון די אומגע־קומענע העלדן פון בייזע שטורעמווינטן און פון שלעכטע מענטשן...

דעמדאָזיקן געץ אין מראה פון א יונגפרוי אַכטן זייער די פרויען. אַלע זונטיק קלייבן זיך אַהין צונויף פרויען — יונגע און אַלטע — פון די אַרומיקע אולוסן און זאַלבן דעם

שטיינערנעם געצן-קאָפּ מיט אויל און מילך, טוען אָן ז'ערויף פאַרשידענע פאַרטוכלעך, באַהענגען דעם האַלז מיט בונטע פּאַטשערקעס און הילן איין די פיס די שטיינערנע אין פאַר־ביקע שטאָפן, שעפּטשענדיק דערביי אַ תּפילה. קליין און גרויס בוקן זיך און בויגן זיך צום געץ, קושן אים די פיס, און געהייליקטע גייען זיי איינציקווייז אַוועק שטילערהייט און הינטערווײַלעכטס, נישט אומקערנדיק זיך חס ושלום מיטן רוקן צו גאָט.

איינציקווייז, יעדער באַזונדער, זענען זיי קיינמאָל נישט מתפּלל. צוויי מאָל אין יאָר (זומער און ווינטער) קומט אין יעדן אולוס זייער גייסטלעכער, דער שאמאַן, און פּראַ־וועט דאָרט בצבור זײַן עבודה.

אין דער שענסטער און גרעסטער יורטע פאַרזאַמלען זיך די איינוווינער פון אולוס, קליין און גרויס, זעצן זיך רונד אַרום די ווענט און אַכטקאַנטיקן מזבח אין אַ הייליקער דערוואַרטונג, ביז דער שאמאַן איז זיך מכין צו דער תּפילה. און די הכנות זענען מערקווירדיקע: ער פּוצט זיך אויס אין משונהדיקע קליידער, דעם קאָפּ הילט ער איין אין אַ בונט טיכל, לענדן פאַרגאַרטלט ער מיט פוקסן-עקן, אונטערן גאַרטל שטעקט ער אָן אַלץ, וואָס אונטער דער האַנט געפינט זיך — לעפל, מעסער, נעגל, שטרוי, שטיקלעך האָלץ, גלאָז, פּאָד־קאָוועס, אין האַנט האַלט ער אַ פויק מיט גלעקלעך און שטיל, בניחותא הויבט ער אָן די תּפילה, צוערשט שטיל און שטייענדיק אויף איין אָרט, שפּעטער שטאַרקער, העכער און הויבט זיך אָן באַוועגן אַרום מזבח מיטן פייער, שרייט, זינגט און פויקט און ליאַרעמט מיט די גלעקלעך און לאָזט זיך לויפן רונד אַרום דעם פייער מיט אַ התלהבות, וואָס דער־גרייכט צו געוואַלדיקן עקסטאַז, ביז ער פאַלט און בלייבט ליגן אין חלשות. דער עולם אַרום זיצט פאַרגאַפט, און שעפּ־טשעט עפּעס אין דער שטיל, נישט באַוועגנדיק מיט קיין אבר. אַ ווײַלע הערשט אַ שטילע פּויזע; דער שאמאַן הויבט זיך ווידער אויף, באַטראַכט דעם עולם און הויבט ווידער אָן

שאַמאַנען. און ווידער דערגייט ער אין זיין תּפילה צו עקסטאַז, — נעמט אין האַנט אַ גרויסן כּוס אַראַקע [1]) און מיט אַ ווילדן „הללויה" גיסט ער עס אויס אויפֿן פֿייער פֿון מזבח און לאָזט זיך אין אַ ווילדן טאַנץ איבער דער יורטע, און דער גאַנצער עולם זינגט און שרייט „הללויה" [2]).

די תּפילה איז געענדיקט. דער עולם, אַ געהייליקטער, צעגייט זיך שטיל צו די היימען, און דער שאַמאַן, אַן אָפּגעשוואַכטער פֿון גרויס אָנשטרענגונג, בלייבט אין דערזעלביקער יורטע, מאַכט אַ גוטע כּוסה און נעמט זיך צום טראַדיציאָנעלן קנאָבל.

דידאָזיקע תּפֿילה בציבור קומט פֿאָר שטענדיק ביינאַכט און געדויערט צוויי-דריי שעה, אָבער דאָס קלעקט שוין אויף אַ לענגערער צייט. ערשט אין אַ האַלביאָר אַרום וועט זיך ווידער באַווייזן דער גייסטלעכער, דער שאַמאַן מיט זיינע צווייבערלעכע און הייליקע תּפֿילות, וואָס שיצן און באַשיצן די ווינטיק-ברוינע תּושבים פֿון אַלדאָס ביין...

מיט מיר פּערזענלעך האָט פּאַסירט אַ צופֿאַל, ווען איך האָב זיך קוים אַרויסגעראַטעוועט פֿון אַזאַ שאַמאַנישער עבֿודה. דאָס איז געווען אין יאָר 1916. איך מיט מיינעם אַ פֿריינט ש. בערדיטשעווסקי זענען אין אַ בייזער ווינטער-נאַכט, אין אַ שרעקלעכן בוראַן געפֿאָרן פֿון מינוסינסק צו די סאַיאָנען. דער בוראַן האָט זיך וואָס ווייטער אַלץ מער געשטאַרקט, האָט געשניטן אין פּנים ווי מיט מעסערס, און עס איז נישט מעגלעך געווען פֿאָרטצוזעצן די נסיעה. מיר האָבן באַשלאָסן אָפּצושטעלן זיך אין ערשטן בעסטן אולוס. אַ זייגער דריי ביינאַכט זענען מיר אָנגעקומען אין אולוס אוסט-יעס, ווו איך האָב געהאַט אַ באַקאַנטן טאָטער, און מיר זענען גלייך צוגע-

[1]) אַראַקע—וויין געמאַכט פֿון מילך.

[2]) אויף טאָטעריש—אָקפּורוי.

פאָרן צו זיין יורטע. אינדרויסן נאָך האָבן מיר דערהערט, ווי עפעס משונהדיקע שטימען טראָגן זיך פון יורטע.

אין אַזאַ שפּעטער שעה האָט עס אונז זייער פאַרוווּנ־דערט.

ווען מיר זענען אַריין אין יורטע, האָבן מיר זיך אָנ־געשטויסן אויף אַ שאַמאַנען־עבודה. אויף אַ רגע זענען אַלע שטיל געוואָרן, דער שאַמאַן האָט אונז אין זיין ווילדן עק־סטאַז אַזוי אָנגעקוקט, אַז מיר האָבן תיכּף פאַרלאָזן די יורטע. אַ שעה אַ גאַנצע האָבן מיר געוואַרט אויף דער גאַס אין דער שרעקלעכער פורגאַ, ביז דער באַלעבאָס איז אַרויס און האָט צו מיר געזאָגט בזה הלשון:

„אַנדזי", דיין גליק, וואָס איך קען דיך און וואָס דו ביסט אונזערער אַ שכן. ווען נישט, וואָלסטו קיין לעבעדיקער פון יורטע נישט אַרויס... אַלע זענען נאָך איצט אויף זייער אויפגעבראַכט, וואָס איר האָט זיך אַריינגעריסן אין מיטן תפילה, און איך גיב דיר אַן עצה, דו זאָלסט תיכּף פאַרלאָזן דעם אולוס...

איך האָב אים, פאַרשטייט זיך, געפאָלגט, אין דער שרעק־לעכער נאַכט האָבן מיר זיך געלאָזן איבער דער שניי־וויסטע־ניש זוכן אַן אַנדער אולוס, ווו צו באַהאַלטן זיך פון דער ספּעציפישער קאַיבאַלער פורגאַ.

אַזוי האָב איך זיך געראַטעוועט פון אַ „אומאַנגענעמער" לאַגע ביי אַ געצנדינערישער עבודה...

וואָס איז שייך בילדונג, אפילו עלעמענטאַרסטע, איז אַזוינס צווישן די קאַיבאַלער שבטים נישטאָ. שלעכט לייענען און שרייבן (טאָטעריש און רוסיש) קענען בלויז פון 2 ביז 3 פּראָצענט. סטוואָס רוסיש קענען איבערהויפּט די, וואָס זע־נען אַריבער צו קריסטנטום. אפשר איינער פון צען אולוסן פאַרמאָגט אַזאַ מין שולכל — אַ יורטע, ווו מען לערנט די קינ־דער פון מאָל צו מאָל דעם אַלף־בית זייערן. און קיין אָרטי־קע לערער זענען אויך נישטאָ. אַזוי־אַרום איז די גאַנצע באַ־פעלקערונג לחלוטין אַ פינסטערע און אַן אומוויסנדיקע.

# V

## ימים־טובים און קרבנות

די געצנדינערישע איינוווינער פון קאַיבאַל ריכטן אָפּ ימים־טובים זייער זעלטן. די קליינע טייל פון זיי, וואָס איז אַריבער צו קריסטנטום, היטן אָפּ די וויכטיקסטע קריסטלעכע ימים־טובים מער משום מורא פאַר פאַרפאָלגונגען מצד די פּראַוואָסלאַוונע גייסטלעכע, איידער משום רעליגיעזן געפיל. עס איז געווען אַ צייט, נאָך גאָר נישט לאַנג — אין די זעכ־ציקער יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט — ווען די רוסישע קירכע האָט אָרגאַניזירט אַ מיסיאָנערישן צוג איבער סיביר. די גאַנצע געגנט פון מינוסינסק, באַיקאַל און אורונכאַי איז געווען פאַרפלייצט מיט מיסיאָנערן און... פּאָליציי. מען האָט נישט נאָר געפריידיקט קריסטלעך גלויבן און קריסטלעכע רעליגיעזע עטיק, נאָר מען האָט פּשוט פאַרפאָלגט אַלע נישט־קריסטלעך־גלויביקע. די הויפּט־אַרבעט פון דעמדאָזיקן עקזע־קוציע מיסיאָניזם איז געווען אָנגעווענדט צווישן די טאָטערן פון קאטשע, מאַטור, יעס, טאַשטיפּ, אַבאַקאַן א. ז. וו. צווישן די מאָלאָקאַנער [1] וואָס פאַרנעמען אַ היפּשן שטח פון צענט־ראַלן טייל און צווישן די יודינער גרים, וואָס זענען מיט אַ יאָרהונדערט צוריק אַרויסגעשיקט געוואָרן פון צענטראַל־רוס־לאַנד אין יאַקוטסקער און טורכאַנסקער געגנט און האָבן לסוף איבערגעוואַנדערט אַהער, אין מינוסינסקער ברויט־געבע־רישן טאָל.

די מיטלען, וואָס דידאָזיקע מיסיאָנערישע עקזעקוציאָ־

---

[1] אַ סעקטע, וואָס לייקנט אין יעזוס געטלעכקייט, האַלט אים פאַר אַ רע־פאָרמאַטאָר, האַלטן נישט קיין איקאָנעס, עסן נישט קיין חזיר־פלייש, אַרבעטן נישט אום שבת א. אַ. וו.

גערן האָבן אָנגעווענדט, זענען געווען גרויזאַמע. דער אַלטער גלח פון מינוסינסקער קאַטעדראַלע, וולאַדימיר קוזמין, האָט מיר דערציילט, אַז זיין פאָטער איז געווען באַשטימט אַלס משגיח איבער די מיסיאָנערן, און ער גיט איבער, אַז מיט די מאַלאָקאַנער איז מען זיך באַגאַנגען מילד. די גרים האָט מען שוין פאַרפאַלגט, אָבער די פאַרפאָלגונגען זענען געפאַלן דערהויפּט אויף די קעפּ פון זייערע שוחטים, רבנים און אַנ־דערע, וואָס האָבן געהאַט רעליגיעז־ריטועלע פונקציעס. אַמ־שווידערלעכסטן איז מען זיך באַגאַנגען מיט די טאַטערן, מען האָט זיי פשוט געפּייניקט און פאַרפּייניקט, מען האָט זיי גע־זעצט אין די טורמעס, געיאָגט פון די היימען וכדומה.

אונטער דידאַזיקע „מיסיאָנערישע" ווירקונגען איז אַ טייל טאָטערן אָפיציעל אַריבער צום קריסטלעכן גלויבן, און ערשט דאַן האָבן זיך די רדיפות אָפּגעשטעלט: נאַטשאַלסטוואָ און די „הויכע פענסטער" זענען געווען צופרידן מיט די רע־זולטאַטן און מען האָט די טאַטערן געלאָזן צורו.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אַ גלויבן אָנגענומען דורך אַזעלכע מיטלען, קאָן נישט האָבן קיין שום איינפלוס. די שאָטנס פון דער נישט לאַנג געוועזענער עקזעקוציע, שוועבן נאָך אַלץ פאַר די אויגן פון די באַצווונגענע, און דעריבער האַסן זיי עס און אַנטלויפן פון דעם. דעריבער ריכטן זיי אָפּ די קריסטלעכע ימים־טובים זעלטן און, ווי געזאָגט, משום פּאָ־ליציייאישער מורא. נאָכמער: בשתיקה באַטייליקן זיי זיך אין די רעליגיעזע פייערונגען פון די איבעריקע טאַטארן, די געצנ־דינער.

דער געצנדינערישער טייל פייערט וויניק ימים־טובים, הגם זונטיק אַרבעטן זיי נישט. זיי האָבן איבערהויפּט צוויי ימים־טובים, וועלכע ווערן אָפּגעריכט מיט גרויס פייערלעכקייט בציבור. — דאָס איז דער זומער־יום־טוב, ווען מען איז מקריב אַ קרבן צו דער זון, און דער האַרבסט־יום־טוב, נאָכדעם ווי מען דרעשט אָפּ די פרישע תבואות פון די פעלדער, ווען די טייכלעך הויבן אָן פאַרפרירן, און מען קלייבט זיך צו

טרייבן די סטאַדעס און טאַבונעס אין ווייטן סטעפּ אַריין אויף ווינטער. ביידע ימים-טובים ווערן געפייערט אויף אַ מערק-ווירדיקן אופן. דידאָזיקע פייערונג מיט דעם מקריב זיין אַ קרבן איז זייער ענלעך צו דער צערעמאָניע מיט דער פרה אדומה. דערדאָזיקער יום-טוב קומט פאָר דעם 12טן יולי, דויערט דריי טעג און ווערט אָפּגעריכט אונטערן פרייען הימל, ביי דעם העכסטן באַרג אין געגנט. די קאָיבאַלער פּראַוועז דעם יום-טוב ביי זייער היסטאָרישן באַרג איזיקכאַן. דער סדר פון דעם יום-טוב איז אַזאַ:

דריי טעג פאַרן יום-טוב-טאָג, ד. ה. דעם 9טן יולי הויבן זיך אָן צונויפצופאָרן צום באַרג פון גאַנץ קאָיבאַלער סטעפּ און פון סאיאָטע טויזנטער און טויזנטער מענטשן — מענער, פרויען, קינדער, יונג און אַלט. אַלע קומען זיי רייטנדיק אויף זייערע בעסטע און פלינקסטע פערדלעך מיט די בעסטע זאָט-לען און צוימען, באַפּוצטע מיט מעשענע קנעפּ און פרענז-לעך, וואָס פינקלען און גלאַנצן אויפן שיין פון גליענדיקער זון. יעדער ברענגט מיט זיך אין לעדערנע זעק שפּייז אויף דריי טעג—ברויט, גאַלעטן, געטריקנטע פיש, קנאָבל-גראָז. קיין פלייש טאָר מען נישט עסן, ביז מען איז אויפן דריטן טאָג מקריב דעם קרבן: ערשט דאַן, פאַרזוכנדיק אַ פענעצל פון דעם קרבן-פלייש, איז דערלויבט צו עסן פלייש בכלל. חוץ צדה לדרך ברענגט יעדערער מיט זיך משקה — שנאַפּס (איי-גענע אַרבעט, זייער שלעכטע) אַראַקע (מילך-וויין אויך פון אייגענער אַרבעט), וועלכע ווערט אויך באַנוצט בלויז אויפן דריטן טאָג. די דריי טעג פון 9טן ביזן 12טן אינדערפרי עסט מען און מען טרינקט באַשיידן און ווייניק...

צו אָפּריכטן די יום-טוב-צערעמאָניע קומען זיך צונויף אַלע שאַמאַנען פון דער גאַנצער געגנט. חוץ די שאַמאַנען פירן אָן מיט דער צערעמאָניע צוועלף זקנים, די עלטסטע פון געגנט. בראש פון דער גאַנצער עדה-צערעמאָניע שטייט דער גרעס-טער שאַמאַן. בראש פון דער פייערונג, וואָס איך האָב ביי-געוווינט אין יאָר 1916, איז געשטאַנען דער אוסט-יעסער

שאַמאַן, דער גרייז-גראָער כאַפּיס. דערדאָזיקער כהן גדול זיי־ ערער מיט אַלע זיינע מיטהעלפער און לויים, לעבן די דריי טעג אָפּגעזונדערט פון דעם גאַנצן עולם, היילקן זיך, פאַסטן, רעדן נישט מיטן עולם, אין די נעכט ריכטן זיי אָפּ פּריוואַט זייערע שאַמאַנען-עבודות און גרייטן זיך צום גרויסן טאָג פון מקריב קרבן זיין.

אַלס קרבן צו דער זון, פאַר איר גנאָד, וואָס זי האָט אַרויסגעוויזן צו די איינוווינער פון קאַיבאַל, מיט איר וואַרעמ־ קייט און ליכטיקייט, מיט איר באַפרוכפּערן די פעלדער און איר גוטסקייט צו די חיות אין וואַלד — ווערט געברויכט אַ יונג פערדל, נישט יונגער פון זעקס חדשים און נישט עלטער פון אַ יאָר. דאָס פערדל מוז זיין אינגאַנצן ווייס. עס טאָר קיין איין פלעק נישט האָבן אויפן גאַנצן קערפּער. אַז עס ווערט געבוירן אַזאַ פערדל, ווערט ער גלייך אָפּגעזונדערט פון טאַבון און ווערט געהאָדעוועט אינדערהיים, אין אַ ספּע־ ציעלער שטאַל און ווערט צוגעגרייט צו דער הייליקער מיסיע — געבראַכט ווערן אַלס קרבן צו דער זון. צוויי דריי מאָל אַ וואָך וואַשט מען דאָס ווייסע פערדל — די טאָטערישע פּרה אדומה, — מען פוצט עס, מען באַרשט, מען רייניקט. פרומע ווייבער נייען אויס ספּעציעלע פּאָפּאָנעס, צוצודעקן דאָס ווייַ־ סע פערדל, און רימער יאָגן זיך איינער איבערן אַנדערן צו מאַכן אַ שיינעם צוים, צו פירן אים אין דער גוטער שעה צום מזבח אויף איזיקכאַן. דאָס ווייסע פערדל ווערט געבראַכט צום אָפּפער-פּלאַץ מיט אַ טאָג פריער איידער מען דאַרף עס מקריב זיין, און ווערט איבערגעגעבן אונטער דער השגחה פון דעם עלטסטן שאַמאַן צו די צוועלף זקנים, וועלכע באַשעפ־ טיקן זיך מיט דעם קרבן, ביז ער ווערט אַרויפגענומען אויפן מזבח.

אין משך פון די „שלשה ימי הגבלה‟, פון די דריי

---

[1] אזא צודעק.

צוגרייטונגס-טעג, ווערט דער ריזיקער טאָל, איזיקכאַן צופוסנס, פאַרפלייצט מיט פּילגרימען. עס קומען זיך צונויף נישט ווייניקער ווי טויזנט מענטשן; די רייטפערד צעלאָזן זיך פריי איבער די פעלדער און לאָנקעס, און די פּילגרימען צעשפרייטן זיך אין אַ לאַגער מיט זייערע לעדערנע זעק און פּעקלעך; אויף דעם ריזיקן שטח פון לאַגער ווערן אָנגעצונדן פייערן, שייטערהויפנס, וועלכע ברענען אָן אויפהער ביז סוף פייערונג.

און אין די טונקעלע קאָיבאַל-נעכט, אונטער דעם טיפן מיט שטערן שימערירנדיקן הימל, זעט עס אויס ווי אַ פאַרצויבערטע מיסטעריע.

קיין הויך וואָרט הערט מען פון קיינעם נישט אין משך פון די דריי טעג, אַלע זענען ערנסט שטיל. קליינע קינדער טוליען זיך צו די מוטערס, וואָס זיצן נעבן די פייערן מיט די גרויסע ליולקעס אין די מיילער און קוקן אין דער גאָרער וועלט אַריין מיט זייערע שמאָלע פאַרנעבלטע אויגן. די מענער שושקען זיך און סודען זיך צווישן זיך, ווי דאָ וואָלט דאַרפן געשען עפּעס אומדערוואַרטס, אומגעוויינלעכס...

דעם דריטן טאָג, ד. ה. דעם 11טן יולי, נאָך האַלבער נאַכט, לאָזן זיך גיין די שאַמאַנען מיט די צוועלף זקנים אויפן באַרג אַרויף. פון היגטן פירט איינער דעם קרבן, — דאָס ווייסע פערדל. דער וועג ביזן שפּיץ באַרג איז נישט קיין גרינגער און נישט קיין נאָענטער. אַז עס הייבט שוין אָן צו טאָגן, דערגרייכן זיי דעם געהעריקן אָרט, און מען טרעט גלייך צו צו דער עבודה, אין וועלכער עס באַטייליקן זיך אַלע גייסטלעכע און די זקנים. דאָס פערדל שטייט אינמיטן קרייז און אַרום אים ווערט די עבודה געפּראַוועט. אונטן, אין טאָל, זענען, פאַרשטייט זיך, אַלע וואַך און שטייען און קוקן צום באַרג אַרויף און וואַרטן, ווען וועט זיך פון דאָרט באַווייזן דער דינער זייל רויך פון דעם פייער-אָפּפער.

ווען די זון גייט אויף, הערט אויף די תּפילה און מען נעמט זיך צום קרבן: מען שטעכט דאָס פערדל אַזוי, אַז דאָס בלוט רינט אַראָפּ אויפן צוגעגרייטן מזבח; מען שניידט אויף

די פעל אויפן אָרט, ווו דאָס האַרץ געפינט זיך, מען נעמט אַרויס דאָס האַרץ און מען שטעכט זי אָן אויף אַ ספּעציעלן צוגעגרייטן שטעקל. אין דער צייט צינד מען אָן פייער אויפן מזבח און מען הויבט אָן בראָטן דאָס האַרץ. ווען מען דער-זעט אונטן אין טאָל דעם רויך, וואָס הויבט אָן צו שטייגן פון מזבח, הויבט זיך דאָרט אָן אַ געוואַלדיקער טומל, אויסגע-שרייען — דאָס גיט מען זיך אָפּ איינער דעם אַנדערן גוט-יום-טוב. דער טומל געדויערט אַ פּאָר שעה, ביז עס קומען אַראָפּ פון באַרג שליחים מיט די ערשטע שטיקלעך געבראָטן פלייש פון דעם קרבנס האַרץ און זיי ווערן פאַרטיילט פּענעצלעכ-ווייז צו די פּילגרימען. נישט אַלעמען קלעקט אָבער דאָס קליינע שטיקל פלייש, און דעריבער באַנוגענען זיך דערמיט בלויז די עלטערע פון יעדער משפחה, דערמיט זענען שוין יוצא אַלע. אַרום האַלבן טאָג גייען אַראָפּ פון באַרג די צערע-מאָניע-מאַכער און ברענגען מיט זיך דאָס גאַנצע פלייש פונם ווייסן פערדל רויערהייט און אויך די ווייסע פעל, וועלכע גע-הערט צו זייער כהן-גדול.

דאָסדאָזיקע פלייש ווערט פאַרטיילט צו שטיקלעך צו די פאַרזאַמלטע, וועלכע בראָטן עס אַליין, און דאַן ערשט הויבט זיך אָן דאָס אמתע הוליען. עס הויבט זיך אָן אַ שרעקלעך שכּורן. קליין און גרויס טרינקען בראָנפן, אַראַקע, מען זינגט, מען שרייט, מען צעלאָזט זיך אין ווילדע טענץ, מען יאָגט זיך אויף פערד און כּמעט שטענדיק קומט עס שכּורערהייט צו געשלעגן און נישט זעלטן ענדיקט זיך דער יום-טוב מיט פיל צעבלוטיקטע, שווער פאַרוווּנדעטע און אויך מיט עטלעכע הרוגים.

די הוליאַנקע געדויערט אויף צוויי-דריי טעג. דעם לעצטן טאָג זענען שוין אַלע אַזוי אויסגעשעפּט, אַז מען וואַלגערט זיך אין טאָל—קליין און גרויס—ווי די הרוגים, און דער טאָל זעט-אויס ווי אַ פאַרלאָזט שלאַכטפעלד.

די פריי-געלאָזטע פערדלעך פאַרשלעפּן זיך ווייט אין סטעפּ אַריין און עס נעמט אַמאָל אַ טאָג און צוויי, ביז די

„געהייליקטע״ פּילגרימען אויסגעניכטערטע זוכן אויס זייערע פערדלעך און לאָזן זיך פּאַמעלעך אַהיים אָבל וחפוי ראש.

אַזוי ריכטן אָפּ די קאָיבאַלער געצנדינער זייער זומער־יום־טוב, דעם פייער־אָפּפער צו דער זון.

---

## VI

## ימים־טובים און חתונות

נאָך דעם גרויסן יום־טוב — קרבן צו דער זון, — וואָס די קאָיבאַלער געצנדינערישע שבטים ריכטן אָפּ דעם 12טן יולי, קומט דעם צווייטער, דער הארבסט־יום־טוב, וועלכער רעכנט זיך אויך פאַר אַ הויפּט־רעליגיעזע פייערונג, אָבער דאָך נישט אַזוי וויכטיק ווי דער זומער־יום־טוב. די הארבסט־פייערונג קומט פאָר לאָקאַל, יעדער שבט ריכט אָפּ דעם יום־טוב באַזונדער, אָן דער באַטייליקונג פון אַנדערע שבטים. מיט דער צערעמאָניע באַשעפטיקן זיך בלויז די אָרטיקע שאַמאַנען מיט דער מיטווירקונג פון אָרטיקע עלטערע מענטשן.

דערדאָזיקער יום־טוב איז געווידמעט צוויי מאָמענטן: ערשטנס — ווערט אַראָפּגענומען אַ מין מעשר פון די תבואות פון יאָר, עס ווערט אַראָפּגענומען צוביסלעך פון יעדן מין תבואה, און דאָס ווערט פאַרברענט אויף אַ ספּעציעל צוגעגרייטן מזבח, און צווייטנס—ריכט מען אָפּ אַ באַזונדערע תפילה און מען בענטשט די סטאַדעס און טאַבונעס מיט אַ גוטן, רואיקן ווינטער אין די ווייטע ווילדע פּרייריס פון קאָיבאַלער סטעפּ.

די פייערונג פון דעם האַרבסט־יום־טוב קומט פאָר אין אַ טאָל, אויף אַ לאָנקע, אָדער אויף אַ פלאַך פון אַ פעלד, ביים ברעג פון אַ טייכל (די פייערונג, וואָס איך האָב געזען, איז פאָרגעקומען אויפן ברעג טייך טאשטיפּ), און געדויערט

צוויי טעג. אָנהייבן הויבט זיך אָן דער יום־טוב פאַרנאַכט און ענדיקט זיך אָפּיציעל אויף מאָרגן נאָך האַלבן טאָג.

דער סדר איז אַזאַ:

אין אַ געוויסן טאָג, איינדערפרי, הייבן זיך אָן פאַרזאַמלען אויף אַ געוויסן פּלאַץ, ביים ברעג טייך, די אָרטיקע איינוווינער פון די אולוסן און אויך פון דער געגנט, אָבער, ווי געזאָגט, בלויז פון דעם שבט (קאטשינער באַזונדער, אבאַקאַנער באַזונדער א. א. וו.). ווי געוויינלעך קומען זיך דאָ אויך צוזאַמען קליין און גרויס, מענער און פרויען.

די עלטערע פון יעדער משפחה ברענגען צו עטלעכע קליינינקע זעקעלעך מיט קאָרן, ווייץ, האָבער, ליין־זוימען, קאַרטאָפל וכדומה, אַלץ, וואָס די פעלדער האָבן דאָס יאָר געבראַכט — דאָס איז דער מעשר, וואָס זיי נעמען אַראָפּ פון זייערע תבואות.

פאַרנאַכט קומט אָן דער אָרטיקער שאַמאַן. ער פאַרבעט עטלעכע עלטערע מענטשן פון די פאַרזאַמלטע, די חשובערע באַלעבאַטים פון דער געגנט, און זיי אַלע צוזאַמען זענען זיך מכין צו דער אָוונט־תפילה. עס ווערט פּראָוויזאָריש אויפגעבויט אַ מין מזבח, אויף וועלכן מען לייגט פאַנאַנדער פייער, און אַז די זון הויבט אָן צו פאַרגיין, הויבט זיך אָן די צערעמאָניע. אַלע גיבן איבער די געבראַכטע זעקעלעך מיט דעם ביסל תבואה צום שאַמאַן—דאָס געהערט אים,—ער שטעלט עס אויס אַרום דעם מזבח, צעעפנט די זעקלעך און מיט זיינע תפילה־מכשירים (פאַרשידענע זאַכן, אַלץ, וואָס אונטער דער דער האַנט קומט), מיט אַ פּויק אין האַנט, הויבט ער אָן אָפּריכטן זיין עבודה. אַלע זיצן רונד אַרום דעם פייער אין אַ רעליגיעזער שטימונג און ער פּרעפּלט, זינגט, שפּרינגט, קלאַפּט אין פּויק א. א. וו. שעהן־לאַנג געדויערט די תפילה, כּמעט ביז האַלבע נאַכט. אין געוויסע מאָמענטן מאַכט ער אויף עטלעכע מינוט אַ הפסקה, רוט זיך אָפּ, ווישט אַרום דעם שווייס פון דעם אַלטן בלויזן קאָפּ און צערעגטן פּנים און איז ווייטער מתפּלל.



מחותנתטע און כלה.

דער עולם זיצט די גאַנצע צייט שטיל, אָנגעשטרענגט, פאַרגליווערט. צום סוף נעמט דער שאַמאַן פון אַ זעקעלע עטלעכע קערנער תּבֿואה און שיט זיי איינציקווייז אויפן מזבח. ווען עס באַווייזן זיך פלעמעלעך פון די ברענענדיקע קערנער, לאָזן זיך דעם שאַמאַנס אַרויסהעלפער צו די זעקעלעך, נעמען פון יעדן זעקעלע צו-ביסלעך קערנער, און וואַרפט אין פייער אַזוי לאַנג, ביז מען לאָזט נישט דורך קיין איין זעקעלע. אַזוי ווי די צאָל זעקעלעך איז אַ שפּאַר גרויסע, געדויערט די צערעמאָניע אַ לענגערע צייט. נאָכדעם, ווי די קערנער פון אַלע זעקעלעך זענען פאַרברענט, איז די עבֿודה געענדיקט, און דער עולם נעמט זיך שטיל, באַשיידן צו אָונטבערויט. אין דער נאַכט, אַזוי ווי אין די „שלשת ימי הגבלה" פון גרויסן יום-טובֿ, איז מען זייער באַשיידן — מען טרינקט נישט קיין בראָנפן, מען עסט נישט קיין פלייש, מען זינגט נישט און מען הוליעט נישט.

דער גאַנצער פאַרזאַמלטער עולם בלייבט נעכטיקן אויפן פלאַץ און צוליב די קעלט (דאָס קומט פאָר אין טיפן האַרבסט, ווען די טייכלעך הויבן שוין אָן פאַרפרוירן צו ווערן) ווערן פונאַנדערגעלייגט פיל פייערן, ביי וועלכע דער עולם לייגט זיך שלאָפן.

צומאָרגנס גאַנץ באַגינען לאָזן זיך די עלטערע פון די משפּחות צו זייערע היימען און לערך צו האַלבן טאָג ברענגען זיי צו טרייבן אַלע זייערע סטאַדעס און טאַבונעס, וועלכע מען דאַרף טרייבן אין סטעפּ אַריין אויף ווינטער. דער גאַנצער טאָל ווערט פאַרפלייצט מיט טויזנטער שאָף, רינדער און פערד.

אַז די זון ווייזט אויף האַלבן טאָג, הויבט אָן דער שאַמאַן אָפּצוריכטן זיין עבֿודה. צוערשט הויבט ער אָן די תּפֿילה אויפן ברעג טייך, די אויגן געווענדט צו מזרח און בעט די געטער פון טייכן, בערג און וועלדער, זיי זאָלן מצליח זיין מיט גוטן פיש-געפאַנג, מיט יאַגדן גוטע אין די וועלדער; זיי זאָלן באַשיצן די קאָיבאַלער שבֿטים פון אָנפאַלן מצד די

ווייסע פעלקער און די בייזע שכנים, רו און פרידן זאָלן זיי שיקן צו זייערע טרייע דינער, די קאַיבאַלער תּושבים...

פון ברעג טייך לאָזט זיך דער שאַמאַן בתּופּים ובמחו־לות, אין באַגלייטונג פון זיינע העלפער, צו די סטאַדעס און טאַבונעס, קריכט אַריין אינמיטן פון די מחנות, די אויגן גע־ווענדט צו מערב, און הויבט אָן אַ תּפילה פאַר די שאָף און רינדער. לאַנג־לאַנג איז ער מתפּלל, בעט דעם גאָט, דעם ממונה איבער פעלדער, איבער סטעפּעס, ער זאָל באַשיצן שאָף און רינדער אין דעם לאַנגן, בייזן ווינטער, אין די גרויסע, וויסטע קאַיבאַל־סטעפּן, עס זאָל קיין חיה רעה זיי נישט שאַדן, קיין איינציק שעפּעלע נישט פאַרצוקן און זאָלן אַלע אַהיים זיך אומקערן בשלום און ענדיגנדיק די תּפילה, צו גאָט גע־ווענדט, בענטשט ער די סטאַדעס שאָף און רינדער, די פערד־טאַבונעס, און די צערעמאָניע איז געענדיקט. דאַן נעמט זיך דער עולם צו דער סעודה: מען עסט, מען טרינקט, מען שיכּורט און מען הוליעט ביז אין שפּעטער נאַכט אַריין. די הויפּט־שפּייז פון דערדאָזיקער סעודה איז פיש און קאַוויאַר.

דעם שאַמאַנס מעשר ווערט אַריינגעשאָטן אין לעדערנע זעק, און מען פירט עס אַוועק צו אים אַהיים. דער גאַנצער עולם לאָזט זיך צו זייערע היימען, און די סטעפּ־פּאַסטוכער, באַוואָפנטע און באַזאָרגטע מיט שפּייז און וואַסער טרייבן אַוועק, רייטנדיק אויף פערדלעך, די סטאַדעס און טאַבונעס אין ווייטן סטעפּ אַריין אויף ווינטער.

דערמיט איז פאַרענדיקט דער צווייטער וויכטיקער יום־טוב פון די קאַיבאַלער שבטים, די געצנדינער.

---

אַ באַזונדערן אינטערעס שטעלן מיט זיך פאָר די חתונה־מנהגים פון די קאַיבאַלער שבטים. אַ זייטיקן באַאָבאַכטער קאָ־נען זיך אויסווייזן די „געשעעניש‟, וואָס קומען דערביי פאָר, אַלס אַ צופאַל, ווירקלעך אַלס געשעענישן, — באמת, זענען עס אָבער פעסטגעשטעלטע מנהגים, וואָס גייען איבער פון דור צו

דור אין משך פון טויזנטער יאָרן. דאָס, וואָס אַמאָל איז גע־
ווען אַ סאָציאַלע און עטנאָגראַפישע נויטווענדיקייט, איז מיט
דער צייט ביי זיי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מנהג. פאַרצייטן,
למשל, האָבן די לעבנסבאַדינגונגען און די פאַרהעלטנישן
צווישן פאַרשידענע וואַנדער־שבטים, געצווונגען, אַז איין שבט
ביי דעם אַנדערן פלעגן אָפט גנבענען פרויען, אַוועקפירן זיי
צו זיך און מיט זיי חתונה האָבן. דידאָזיקע גנבות האָבן גע־
פירט צו בלוטיקע געשלעגן, און אָפט צו מלחמות צווישן
שבט און שבט. דידאָזיקע אוראַלטע, פאַרצייטיקע נויטווענדי־
קייט איז ביי די קאָיבאַלער שבטים פאַרוואַנדלט געוואָרן אין
אַ מנהג און האַלט אָן עד היום הזה.

די חתונה־פּראָצעדור קומט פאָר בזה האופן: אַז אַ יונגני־
מאַן ווערט געפעלן אַ מיידל, שיקט ער צו איר בשתיקה זיינעם
אַ פאַרטרויאונגס־מענטש, וועלכער איז מיט איר גוט באַקאַנט,
מיט אַ שאלה, צי איז זי מסכים חתונה צו האָבן מיט אים,
אויב זי איז מסכים (עס טרעפט זייער זעלטן, אַז זי זאָל נישט
מסכים זיין), שיקט דאָס מיידל דורכן שליח צום יונגנמאַן אַ
סימן — אַ רינגעלע אָדער אַן אַנדער הפץ. אַז דער יונגערמאַן
האָט זיך פאַרזיכערט מיט דעם מיידלס הסכם, קלייבט ער
צוזאַמען אַ גרופּע פון פופצן־צוואַנציק בחורים, חברים און אין
דער נאַכט באַפאַלן זיי דאָס הויז פונם מיידל און גנבענען
זי אַרויס. די עלטערן ווייסן פאָרויס, אַז די גנבה וועט גע־
שען, אָבער זיי מאַכן דעם אָנשטעל פון באַפאַלענע, ווערן
זיך, אָבער סוף־כל־סוף ווערט זייער טאָכטער צוגענומען און
אַוועקגעפירט צום חתן, און בלייבט מיט אים ביחידות אַ טאָג,
אָדער צוויי.

אין אַ פאָר טעג אַרום קומט דעם מיידלס פאָטער מיט
נאָך עטלעכע מענטשן צום קומענדיקן מחותן, דעם חתנס
פאָטער, מיט אַ פרעטענזיע, וואָס זיין זון האָט אַרויסגעגנבעט
די טאָכטער זיינע און באַהאַלט זיך מיט איר ביחידות. ער
פאָדערט דעריבער אַ באַפרידיקונג פאַר דער באַליידיקונג פון
זיינע פאָטערלעכע געפילן, און פאַרן באַשמוצן דעם נאָמען

פון אַ כּשרער טאָטערישער בתולה. דעם חתנס פאָטער ווייס אויך פון דעם גאַנצן ענין, אָבער ער מאַכט זיך אויך נישט וויסנדיק און אַנטשולדיקט זיך און בעט מחילה פאַר אַלץ און פאַר זיין פרעכן זון. דער כּלהס פאָטער באַנוגנט זיך נישט מיט דער אַנטשולדיקונג, און מיט דער הילף פון זיינע חברים נעמט ער זיך שלאָגן דעם מחותּן מכּות אכזריות, מען שלאָגט לאַנג און פלייסיק ביז יענער בלייבט ליגן אַ האַלב טויטער. דאַן לאָזט מען אים זיך אָפּטשוכען, און ער לייגט פאָר מען זאָל אָפּזוכן דאָס באַהאַלטענע פּאָרל און זיי פרעגן, אפשר זע־נען זיי מסכּים חתונה צו האָבן. מען שיקט אַוועק מענטשן אויפזוכן די כּלומרשט באַהאַלטענע חתן־כּלה, און מען ברענגט זיי צו פירן צו די ברוגזע טאַטעס.

דער מחותּן פון חתנס צד פרעגט דעם מיידל, צי איז זי מסכּים צו ווערן זיינע אַ שנור, צי וויל זי זיין זון פאַר אַ מאַן. דאָס מיידל איז, פאַרשטייט זיך, מסכּים. גיט מען זיך די הענט. מען שליסט שלום און דער כּלהס פאָטער הויבט אָן פאָדערן פון מחותּן „קאַלים", אַ מין נדן, אויסקויף־געלט פאַר זיין טאָכ־טער. עס הויבט זיך אָן אַ דינגעניש וואָס ציט זיך שעהן־לאַנג, ביז מען ווערט לסוף מושווה. אַזאַ „קאַלים" דערגרייכט אָפּט־מאָל צו צוויי־דריי טויזנט רובל. געענדיקט מיט דעם, באַשטימט מען שוין גלייך די צייט פון דער חתונה. די חתונה קומט פאָר ביים חתן, און דער סדר איז אַזאַ: די כּלה מיט דער מחותּנת־טע קומט צום חתן אויף דריי שיין־געשפּאַנטע פערד. נאָך איר קומען די עלטערן, קרובים און סתּם באַקאַנטע, די כּלה פירט מען אַרום דריי מאָל אַרום דעם חתנס יורטע און מען זעצט זיך אַוועק אין יורטע אויף דער ערד צוזאַמען מיט דער מחותּנתטע. אויף אַלע פיר ווינקעלעך פון אַ גרויסן פירעקיקן בּלעך צו־לייגט מען פעטע שעפּסענע עקן און מען בראָט זיי אויפן יורטע־מזבח. חוץ דעם גרייט מען צו אַ מין שפּייז פון זויער מילך מיט מעל. ווען דאָס ווערט אַלץ פאַרטיק, איז מען מיט דעם מכבּד אַלע געסט. אין דער צייט ווערן איבּער דער גאַנצער לענג גאַס פון אוליס צעלייגט פייערן. מען שעכט אַ פערד און אַ רינד און

מען גרייט צו אַ סעודה אין וועלכער עס באַטייליקן זיך כמעט אַלע איינוווינער פון אולוס, און עס הויבט זיך אָן אַ שיכורן און אַ הוליאַנקע אויף דריי פיר טעג. בראָנפן און אַראַקע ווערט אויסגעטרונקען צענדליקער עמערס און מען וואַלגערג זיך אי־בערן אולוס טויט שיכורע גאַנצע טעג. יונגוואַרג שכורט אויך, אָבער זי איז זיך משמח אויך מיט טענץ און מיט פערד געיעג.

אויפן פערטן טאָג לאָזט זיך דער גאַנצער עולם חוץ דעם חתנס פאָטער, צו דער כלהס עלטערן. דעם חתנס פאָטער קומט שפּעטער מיט זיינער אַ חברה און ווענדט זיך גלייך צום מחותּן מיט אַ טענה, פאַרוואָס ער האָט אים געשלאָגן. דער כלהס פאָ־טער פאַרענטפערט זיך, בעט מחילה, אָבער עס העלפט נישט,— חתנס צד איז אויפגעבראַכט און מען נעמט זיך שלאָגן דער כלהס פאָטער. מען שלאָגט אים אויך לאַנג און פלייסיק. מען באַצאָלט מידה כנגד מידה, ביז יענער בלייבט ליגן האַלב טויט, לאָזט מען אים זיך אויסטשוכען, מען גיט זיך די הענט, מען ווערט שלום און מען הויבט אָן צו שכורן אופסניי אויף צוויי דריי טעג. דאָ ווערט די שמחה פאַרענדיקט, און דאָס יונגע פּאָר פאָלק פאָרט אַוועק צו זיך, ד. ה. צום חתן אויף שטענדיק.

אין עטלעכע טעג אַרום ברענגען די עלטערן זייער טאָכ־טער איר גאַרדעראָב, קאָסטנס קליידער, וועש, טעפּיכער און פאַרשידן געשיר. דעם נדן גיט מען צו דעם יונגן פּאָר פאָלק ערשט דאַן, ווען עס ווערט ביי זיי געבוירן דאָס ערשטע קינד. אויב זיי האָבן קיין קינדער נישט, באַקומען זיי קיין נדן נישט. ווייל דער נדן איז באַשטימט נישט פאַר די טאַטע־מאַמע, נאָר פאַר די קליינע קינדער.

אַזוי פּראַוועט די קאַיבאַלער שבטים. זייערע שמחות, ימים טובים און חתונות, מען שלאָגט זיך, מען שכורט, מען ריכט אָפּ געצנדינערייי. מען איז מקריב קרבנות, מען לעבט אָפּ אַ לעבן און מען טראָגט זיך ווי די ווילדע ווינטן איבער די ענדלאָזע שטחים פון גרויסן ווילדן קאַיבאַלער סטעפּ.

---

## VII

# וואַלד-העקעריי און לאָצמאַנישע אַרבעט

אין די פריערדיקע קאַפּיטלען איז געווען באַצייכנט מיט וואָס די קאָבאַילער איינוווינער באַשעפטיקן זיך בכלל, עס איז דאָ אָבער אַ צייט אין משך פון יאָר, ווען זיי זענען פריי פון וועלכע עס איז פון זייערע אָנגעוויזענע באַשעפטיקונגען. דאָס איז נעמלעך — אַ גרויסער טייל פון די ווינטער חדשים, ווען מען קען זיך, צוליב די טיפע שנייען, נישט פאַרנעמען מיט יאַגד און פיש-פאַנג, און אין אָנהויב פרילינג, ווען אַלע טייכן גיסן זיך אויס, און קיין שום פאַרקער איז נישט מעגלעך אפילו צווישן די אולוסן, דידאָזיקע צייט פאַרנעמען זיך די קאָיבאַלער, ווינטער — מיט וואַלד-העקעריי, און פרילינג, ווען די בערג-טייכן הויבן אָן צו שטראָמען, מיט טראַנספּאָרטירן די אויסגעהאַקטע און צוגעריכטע קלעצער מיטן וואַסער צו געוויסע גרעסערע פּאָרטן, זעג-מילן א. א. וו

וואַלד-העקעריי איז אין דער געגנט בכלל פאַרהעלטניס-מעסיק אַ נייע זאַך. מיט יאָרן צוריק האָט מען פון דעם לחלוטין נישט געוווסט; וועלדער פלעגן אויסברענען, שטור-מען און אוראַגאַנען פלעגן אַרויסרייסן מיט די וואָרצלען הונ-דערטער און טויזנטער דעסיאַטינעס ריזיקן וואַלד, יאָרנלאַנג פלעגט עס פוילן, די טאַיגע איז פון דעם ווילד און וויסט געוואָרן און עס האָט אָנגעהויבן ווירקן אויפן יאַגד: חיות, מיט וועלכע די אוראַלטע וועלדער זענען געווען פול, האָבן צוליב דעם אָנגעהויבן אויסוואַנדערן פון דידאָזיקע פּלעצער און זוכן בעסערע היימען פאַר זיך. די וואַלד-שריפות האָבן אָפּט געדויערט אַ גאַנצן זומער און פלעגן זיך, אויך נישט זעלטן, אַריבערוואַרפן אויף די נאָענטע אולוסן און וואַנדער-לאַגערן, און עס האָט פאַרשאַפט פיל היזקות און צרות. דאָס אַלץ האָט געצוווּנגען די וואַלד-פאַרוואַלטונגען אָנצונעמען וועל-

כע עס איז מיטלען צו שאַפן כאָטש אַ מינימאַלע וואַלד־ווירט־שאַפט אין די ענדלאָזע טאיגע־וועלדער.

אַמאָל האָט מען אויך געהאַקט וואַלד אין פאַרשידענע סיביר־טיילן, אָבער דערעיקר איז עס געווען אויף די טייכן אָב, אירטיש, א. א. וו. די אַבאַקאַנער וועלדער זענען באַרירט געוואָרן פאַרהעלטניסמעסיק נישט זייער לאַנג. און אין אַ גרוי־סער מאָס האָט זיך עס אַנטוויקלט, ערשט אין דער צייט פון דער מלחמה, אין די יאָרן 1915—1916.

דער העכערער טייל פון קאָיבאַל, וועלכער גיסט זיך צונויף מיט דעם עקסטן דרום־טייל פון אלטיי פון איין זייט און מיט די סאיאָנען־בערג פון דער אַנדערער, איז אינגאַנצן אַ וואַל־דיקער. הונדערטער קוואַדראַט מיילן אוראַלטער וואַלד, וואָס קיין מענטשלעכער פוס האָט נישט באַטראָטן פון ששת ימי בראשית אָן. די וועלדער זענען צעוואָרפן אויף ריזיקע בערג, צו וועלכע עס איז שווער צוצוטרעטן, אַזוי, אַז אַרויס־צובאַקומען פון דאָרט אַן אָפּגעהאַקטן בוים האָט אויסגעזען פאַר אוממעגלעך. דאָס איז אגב אויך געווען איינע פון די סיבות, פאַרוואָס מען האָט די וועלדער פאַרוואָרלאָזט. דידאָ־זיקע ריזיקע שטחים וואַלד, וואָס באַשטייען פון צעדערביי־מער, פיכטע, טענענביימער, לערכנביימער, סאָסנע און שוואַר־צע דעמב, האָבן געהערט צום רוסישן צאַרישן הויף, דאָס איז די אַזויגערופענע „אודיעלנע” גיטער, וואָס פלעגן אי־בערגיין פון דור צו דור בירושה צו די מיטגלידער פון דער צאַרישער פאַמיליע. די הויפּטפאַרוואַלטערין פון דעם איז, די לעצטע פופציק יאָר, געווען ניקאָליי דעם צווייטנס מוטער, די אלמנה פון אַלעקסאַנדער דעם דריטן, — מאַריאַ פיאָדאָראָווּ־נאַ. די הויפּטפאַרוואַלטונג האָט זיך געפונען אין פעטערבורג, און די אָרטיקע פאַרוואַלטונג מיט אַ שטאַב פון עטלעכע טויזנט אָנגעשטעלטע, לעסניטשעס, משגיחים, קאָמאַרניקעס, אינזשיניערן, האָט זיך געפונען אין באַרנאַאול, אַ קליינע סי־ביר־שטאָט, וועלכע איז אין יאָר 1915 צעפּאַגראָמירט גע־

וואָרן פון די אָרטיקע סאָלדאַטן, וואָס זענען געשיקט געוואָרן אויף דער מלחמה.

די באַרנאָאולער פאַרוואַלטונג, זייענדיק נענטער באַקאַנט מיט די אָרטיקע באַדינגונגען, האָט געפּועלט אין פּעטערבורג, מען זאָל זיך נעמען צו שאַפן אַ וועלכע ס׳איז וואַלד-ווירטשאַפט. עס איז געאָרדנט געוואָרן אַ ספּעציעלע עקספּעדיציע, וועלכע האָט זיך גענומען צו אונטערזוכן די אָבאַקאַנער וואַלד-שטחים. צוערשט האָט מען אונטערזוכט, צעמאָסטן און באַצייכנט די טיילן, וואָס ליגן בײַ די טייכלעך. שפּעטער, אויך די ווײַטערדיקע טיילן, אָבער ווײַט איז מען דאָ נישט געקומען. — די אַרבעט איז געווען צו-שווער בײַ די פּרימיטיווע מיטלען, וואָס די עקספּעדיציע האָט באַנוצט און מען האָט די אַרבעט געוואָרפן אינמיטן. אָבער שוין פון דעם ביסל אויפגעטועבער אַרבעט, זענען די רעזולטאַטן געווען ריזיק. פאַר די דרײַ יאָר עקספּעדיציע-אַרבעט איז געבראַכט געוואָרן אין אָרדנונג אַ מיליאָן מיט זעקסהונדערט טויזנט דעסיאַטין זייער טײַערן וואַלד. אַ שטח, וואָס האָט געציילט מיליאָנען ריזיקע ביימער פון גרויסן ווערט. עס איז אָבער באַלד אַנטשטאַנען די פראַגע: וויאַזוי זאָל מען די וועלדער עקספּלואַטירן, וויאַזוי זאָל מען די ביימער באַאַרבעטן און אַרויסבאַקומען פון די הויכע בערג און געדרייטע באַרג-טײַכן אויף דער ווײַסער וועלט אַרויס? וועגן בויען באַנען האָט קיין רייד נישט געקאָנט זײַן און ווען דאָס וואָלט אפילו דורך אַ נס געשען, טאָ וויאַזוי זאָל מען עס אַלץ אַרויסברענגען צו דער באַן? דאָסדאָזיקע שווערע פּראָבלעם האָט אויך פאַרהאַלטן אויף אַ לענגערע צײַט די אַנטוויקלונג פון וואַלד-אַרבעט אין דער געגנט. סוף-כּל-סוף האָט זיך די סיטואַציע געענדערט צום בעסערן. צוליב דער געשיקטקייט פון די קאָיבאַלער תּושבים — די טאָטערן, וועלכע האָבן פּשוט באַוויזן וווּנדער, מיט זייערע געוואַגטע אונטערנעמונגען צו האַקן ביימער און אַראָפּפירן זיי פון די העכסטע בערג צו די נאָענטע טייכלעך אַראָפּ. און נישט ווייניקער געוואַגטקייט און געשיקטקייט האָבן זיי אויך אַרויסגעוויזן ביים שווימען מיט

די קלעצער אויף די ברויזנדיקע, בליץ-שנעל שטראָמענדיקע באַרג-טייכלעך צו די גרויסע טייכן אַרויס. דאָס מערקווירדיקסטע דערביי איז — די פרימיטיווע מיטלען און מעטאָדן, וואָס זיי ווענדן אָן ביי דער אַרבייט: ווי די חיות דערשמעקן זיי און דערשפּירן, ווו אַ געפאַר שטייט פאָר, און וויאַזוי מען דאַרף עס אויסמיידן. אָנגעפּעלצטע און פאַרוויקלטע זעען זיי אויס, אין די טיף-פאַרשנייטע וועלדער אויף די בערג, ווירקלעך ווי צוויי פּיסיקע חיות...

מיט וואַלד-אַרבעט פאַרנעמען זיך בלויז מענער. זעלטן ווען אויך פרויען. און די אַרבעט טוען זיי מיט אַזאַ סדר: ווען דער שניי איז נאָך קליין, ווען עס איז נאָך נישט שווער אומצוגיין איבערן וואַלד אָן הילצערגע שניי-שיך, פאַרקלייבן זיי זיך אַהין גרופּעסווייז מיט פערד און ספּעציעלע שליטנס, באַזאָרגטע מיט שפּייז אויף צוויי-דריי וואָכן. פון צווייגן און קליינע ביימלעך בויען זיי אויס געצעלטן און דאָרט וווינט מען די גאַנצע צייט פון דער אַרבעט. וואַסער באַקומט מען פון די טייכלעך אָדער קוואַלן, אויב אַזעלכע זענען נאָענט, און אויב נישט, שטילט מען דעם דורשט מיט שניי-וואַסער. פון דעם שניי-וואַסער קאָכט מען אויך טיי און געקעכץ.

קודם כל קלייבט מען אויס אַ שטיקל וואַלד צום האַקן. מען צוימט אים אַרום מיט דינע ביימלעך, אַזוי, אַז די אַראָפּגעהאַקטע גרויסע ביימער, זאָלן זיך נישט אַראָפּקייקלען פון באַרג, ווייל קוים לאָזט מען זיי אַראָפּפאַלן פון באַרג, ווערן זיי צעשמעטערט אויף שטיקלעך. אַזאַ אַרומגעצוימט שטיקל וואַלד פאַרנעמט אַ צוואַנציק-דרייסיק דעסיאַטין. אַלע ביימער, וואָס געפינען זיך אויף דעם שטח און טויגן צום באַשטימטן געברויך, ווערן אַראָפּגעהאַקט, ווערן באַפרייט פון די צווייגן און קאָרע, ווערן פאַרוואַנדלט אין קלעצער, און די קלעצער ווערן אַרויפגעלייגט אויף אונטערלאָגן, כדי דער שניי זאָל זיי נישט פאַרשיטן. דאַן ווערט אויסגעזוכט דער פלאַכסטער און ווייניק-באַוואַקסענער וועג צום טאָל. דערדאָזיקער וועג, אַזוי צו זאָגן, ווערט אויסגעשטעלט פון צוויי זייטן מיט

צייכנס—קליינעביימלעך, אָדער שטעקנס, כּדי מען זאָל שפּעטער, ווען דער שנײ ווערט גרעסער, קאָנען מיט אים זיך באַנוצן צום אַראָפּפירן די קלעצער. צום אַראָפּפירן די קלעצער ווערן צוגעגרייט ספּעציעלע גאַנץ קורצע, אָבער הויכע שליטעלעך מיט הילצערנע טאָרמאָזן פון פאָרנט. דעם שטאָם פון קלאָץ לייגן זיי אַרויף אויפן שליטל, דער גאַנצער קלאָץ בלייבט הענגען אין דער לופט, בלויז דער דינער עק באַרירט דעם שנײ. ווען עס קומט די צייט פון פירן, עפּנט מען אין צוים אַ טויער און מען לאָזט איינציקווייז די אָנגעלאָדענע שליטלעך באַרג־אַראָפּ, ביז זיי דערגרייכן צום טאָל. אויב אויפן וועג שטויסט זיך אָן אַזאַ שליטל אָן אַ בוים, באַשיצט אים דער טאָרמאַז און דערלאָזט נישט, אַז דער קלאָץ זאָל זיך אָנשלאָגן אָן אַ בוים. אונטן אין טאָל שטייען שוין מענטשן און באַפרייען יעדעס אָנגעקומענע שליטל פון זיין קלאָץ און לאָזן זיך מיט אים צוריק אויפן באַרג און טוען מיט אים ווידער ז'אָסזעלביקע, ביז מען לאָזט אַראָפּ פון באַרג אַלע קלעצער. דאַן פירט מען עס אויף אַ פּשוטן אופן, מיט פערד צו די טייכלעך, מיט וועלכע מען וועט עס אין פרילינג אַראָפּשווימען צו אַ וועלכן־עס־איז גרעסערן פּאָרט, אָדער פּונקט.

די טאָטערן טוען דידאָזיקע אַרבעט אַזוי געשיקט און געשווינד, אַז קיין איינער פון די נישט־טאָטערישע איינוווינער קאָן זיך מיט זיי נישט פאַרגלייכן, און דעריבער ליגט די וואַלד־אַרבעט כּמעט אויסשליסלעך אין זייערע הענט, און אַדאַנק זיי האָט זיך לעצטנס אָנגעהויבן אַ נאַטירלעכע רעגלמעסיקע עקספּלואַטאַציע פון די אַבאַקאַנער וועלדער.

נאָך מער קאָמפּליצירט איז די פראַגע וועגן טראַנספּאָרטירן די קלעצער מיטן וואַסער. אַלע טייכלעך, וואָס שניידן דורך דעם וואַלד צום קאָיבאַלער סטעפּ, שטראָמען פון די אַלטאַיער און סאַיאַנער בערג פון אַ ריזיקן הויך און מיט אַ גוואַלדיקן אימפּעט, מיטשלעפּנדיק שטיינער און צעשטערנדיק אַלץ, וואָס שטייט אין וועג. אינמיטן זומער, ווען

די טרייב־קראַפט איז שוין אָפּגעשוואַכט, לויפט דער יעניסיי פון 25 ביז 30 וויאָרסט אַ שעה. דער אַבאַקאַן, וועלכער איז לאַנג אינגאַנצן 350 וויאָרסט, פאַלט פון אַ הויך ביז 10 טויזנט פוס, און לויפט ביז 40 וויאָרסט אַ שעה. די צופלוס־טייכלעך לויפן נאָך שנעלער. ביי אַזאַ שנעלקייט איז נאַטיר־לעך, שווער צו רעגולירן האָלץ־קאַראַוואַנען אויפן וואַסער. און אויך די פראַגע האָבן די טאָטערן פאַרענטפערט אויף זייער פרימיטיוון שטייגער. יעדער מענטש בינדט צוזאַמען נישט מער ווי 60־70 קלעצער אין אַ קאַראַוואַן. אַלס שטריק אָדער דראָט דינען לאָזע־ריטער און דינע שטעקעלעך. די קלעצער ווערן געבונדן אין דער לענג צו פינף־זעקס אין אַ ריי און פון ביידע עקן פון קאַראַוואַן ווערן איינגעאָרדנט רודערן (באַ באַיקעס), מיט וועלכע מען רעגולירט דעם קאַראַ־וואַן אין דער נויטיקער ריכטונג. כדי שטענדיק זאָל זיך ביים רודער געפינען אַ מענטש, ווערן צוויי קאַראַוואַנען צונויפגע־טשעפעט אינאיינעם און יעדער אייגנטימער פון קאַראַוואַן שטייט ביי זיין רודער. דידאָזיקע חברה האָבן זיך אַ נאָמען געגעבן לאָצמאַנעס, און זיי זענען ווירקלעך לאָצמאַנעס: אַלע טייכלעך און טייכן קאָנען זיי אַלע זייער גרינטלעך און דערי־בער ווייסן זיי שוין ווי צו דורכקריכן דורך זיי, און אַזוי ווי די טייכלעך, צוליב דעם אימפעטדיקן לויפן בייטן אַלע יאָר זייער ריכטונג (פאַרוואַטער), פאָרשן די טאָטערן אויס די ענדערונ־גען איידער זיי לאָזן זיך שווימען, באַצייכענען, יעדע ענדע־רונג מיט געוויסע סימנים, און ערשט דאַן לאָזן זיי זיך אין וועג אַריין.

אויף קיינע ענדערונגען אין די מעטאָדן פון טרייבן דאָס געהילץ לאָזן זיך די טאָטערן נישט. קיין נייע זאַך, וואָס איז זיי אומבאַקאַנט, נעמען זיי נישט אָן.

מיינער אַ פרווו צו ענדערן אַביסל דעם אָנגענומענעם סדר, האָט זיך נאָך די גרעסטע אָנשטרענגונגען איינגעגעבן בלויז טיילווייז, צוליב דעם פאַרעקשנטן קאָנסערוואַטיזם פון די טאָטערן.

אין יאָר 1915 בין איך געשטאַנען אָן דער שפּיץ פון אַן עקספּעדיציע, וואָס האָט געגרייט וואַלד־מאַטעריאַלן פאַר סיבירער אייזנבאַן, אונטער דעם צייכן פון מלחמה־באַדערפעניש. דער קוואַנטום פון די מאַטעריאַלן איז געווען אַ גרויסער, און מען האָט עס געמוזט זומער אַריבערברענגען אין קראַסנאָיאַרסק. טרייבן צו זעכציק קלעצער, וואָלט מיינען, אַז פאַר אַ פערטל מיליאָן קלעצער זאָל באַנוצט ווערן איבער פיר טויזנט מענטשן (מער ווי צו איין מאָל קאָן מען נישט שווימען), און אַזאַ צאָל פּעאיקע צו דערדאָזיקער אַרבעט איז פּשוט נישט בנמצא. איך בין געווען געצווונגען זוכן אַנדערע מיטלען. האָב איך זיך געגרייט צו באַנוצן די מעטאָדן, וואָס זענען אָנגענומען אויפן וואָלגע און דניעפּר — אַנקערס, לאָטן, גרעסערע געהילפס־שיפן מיט קאַנאַטן, א. א. וו. ביי דעם מעטאָד ווערן די קלעצער געבונדן אין סקווער, און איין מענטש קאָן לייכט אַליין טרייבן ביז 250 שטיק. עס זענען ווינטערצייט געמאַכט געוואָרן אַלע פאָרבערייטונגען פאַר דעם, און ווען די טייכן האָבן געלאָזן, איז מען צוגעטרעטן צו דער אַרבעט. די טאָטערן האָבן אַרויסגעוויזן אַ מאָדנעם ווידערשטאַנד אפילו צו בינדן די קלעצער נישט לויט זייער נוסח. נאָר אַזוי ווי איך האָב געהאַט מיט זיי אַן אָפיציעלן קאָנטראַקט, האָבן זיי זיך אונטערגעגעבן. די רעכטע געשעעניש איז אָבער געקומען, ווען מען האָט באַדאַרפט אַוועקשווימען מיט די צונויפגעבונדענע קאַראַוואַנען.

## VIII

# לאַצמאַנישע אַרבעט אין יאָר 1916 און די מאָבּיליזאַציע אויף מלחמה

אויף דעם טייך אַבאַקאַן, דאָרט ווו די מאַטור פאַלט אין אים אַריין און בּילדעט אַ שאַרפן ווינקל, געפינט זיך אַ ריזיקער פעלז מיטן נאָמען „מאָנטשיק". אַרום דעמדאָזיקן פעלז געפינט זיך אַ טיפער אָפּגרונט, וואָס בּרויזט און זידט שטענדיק און שלעפּט אַריין און פאַרזינקט אין זיך אַלץ, וואָס עס דערנענטערט זיך צו אים. „מאָנטשיק" הייסט אין גאַנצן געגנט — „דער אַבּאַקאַנער גזלן", ווייל זעלטן ווער עס ראַטעוועט זיך פון אים.

כּדי אויסצומיידן אַ קאַמף מיט דעמדאָזיקן „מאָנטשיק", האָבּ איך בּאַשלאָסן צו בּינדן די קלעצער האַרט בּיים בּרעג פון שטיין אַזוי, אַז אָפּשווימענדיק מיט די קאַראַוואַנען, זאָל נישט אויסקומען צו שווימען פאַרבּיי אים מיט זיין בּייזן, שוואַרצן אָפּגרונט. אַזוי האָבּן אויך בּאַשטימט וואַסער-ספּעציאַליסטן, וואָס זענען מיט מיר געווען אין דער עקספּעדיציע. אין תּוך זענען מיר טאַקע געווען גערעכט. מיר האָבּן זיך אָבּער אָפּגענאַרט אין רעכנונג, — גאָר גלאַט איז די אָפּעראַציע נישט דורכגעגאַנגען. אין טאָג, ווען מען האָט זיך געדאַרפט לאָזן אין וועג, האָב איך צוזאַמענגענומען אַ פּופצן טאָטערן, צוויי אייראָפּעאישע לאַצמאַנעס, דעם אָרטיקן „לעסניטשע" און איך אויך מיט זיי. אַלע זענען מיר אַרויף אויף די קאַראַוואַנען מיט אונזערע פּעקלעך (די נסיעה בּיז קראַסנאָיאַרסק געדויערט נאָרמאַל בּיז דריי וואָכן). דאָרט זענען געווען צוגעגרייט אַנקערס, לאָטן, שיפלעך און שטריק, — אַלץ וואָס מען בּאַדאַרף צום שווימען. דער עולם, וואָס האָט זיך געפונען אויפן בּרעג, האָט זיך געלאָזט אָנקוקן דאָס בּייזע וווּנדער... איך האָב געהייסן בּאַפרייען די קאַראַוואַנען פון בּרעג. די

קאַנאַטן זענען געוואָרן לויז, און דאָס געהילץ האָט זיך אָנגעהויבן צו גליטשן איבערן וואַסער. מיטאַמאָל האָט זיך געלאָזט הערן אַ געוואַלדיקע רודעריי, איין עק קאַראַוואַן האָט אָנגעהויבן זינקען אין וואַסער, און דער אַנדערער האָט קראַכנדיק זיך אַלץ מער און מער געהויבן אין דער לופט, אַזוי, אַז מיר האָבן שוין בשום אופן נישט געקאָנט שטיין אויף די פיס. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּאַניק: דער „לעסניטשע" האָט ויך מיט קולות אַ וואָרף געטון ראַטעווען זיך אין אַ שיף און אַלע טאָטערן האָבן אין טויט-שרעק צעשליידערט זייערע פּעקלעך אין וואַסער אַריין און נאָכדעם, איינער נאָכן אַנדערן זיך אַליין אַריינגעוואָרפן אין טייך. דאָס אַלץ האָט געדויערט אַ הרף-עין. אויפן קאַראַוואַן זענען געבליבן בלויז די צוויי פרעמדע לאָצמאַנעס און איך. מיר האָבן געוווסט, אַז כדי דער קאַראַוואַן זאָל זיך אויסדרייען, מוז אַזוינס געשען. עס איז, פאַרשטייט זיך, געווען אין אַ גרויסער מאָס אַ געפאַר, אָבער קיין אומדערוואַרטעטע זאַך איז עס נישט געווען. חברה זענען אַריבערגעשווומען דעם טייך און זענען געבליבן שטיין פאַרוווּנדערט אָנקוקן ווי מיר זענען אַוועקגעשווומען.

שפּעטער האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט און געוואָלט אויפנעמען די טאָטערן כדי צו שווימען ווייטער, אָבער — זיי האָבן זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט צו באַטייליקן זיך אין דער אַרבעט.

— דאָס איז אַן אַרבעט פאַר טייוואָלים. אונזערע טאַטעס און זיידעס האָבן אַזוינס נישט געטון, און מיר וועלן עס אויך נישט טון !

קיין רייד און קיין טענות האָבן נישט געהאָלפן. מיר זענען געצווונגען געווען אָנצוגיין מיט דער אַרבעט לויט זייערע מעטאָדן און נוסחאות, און דאָס האָט אונז לסוף פאַרשאַפט פיל עגמת-נפש, ווייל מיר האָבן נישט באַוויזן צו ליפערן די סחורה.

אָבער עס מוז צוגעגעבן ווערן, אַז לויט די דאָרטיקע עטנאָגראַפישע, געאָגראַפישע און טעכנישע באַדינגונגען, איז

דער ווילדער, טאָטערישער מעטאָד דער בעסטער און לייכט־סטער פאַר טראַנספּאָרטירן געהילץ מיט וואַסער, און די קאַי־באַלער תּושבים זענען די געשיקטסטע בריות פאַר דערדאָזי־קער אַרבעט.

די אינטענסיווע אַרבעט איבער די אַבאַקאַנער וועלדער און די אָפּעראַציעס אין גרויסן מאַסשטאַב, וועלכע האָבן זיך אָנגעהויבן מיט דער הילף פון די קאַיבאַלער טאָטערן, איז אָבער סוף 1916 צעשטערט געוואָרן צוליב דעם אומדערוואַר־טעטן מאָביליזירן פון די טאָטערן אויף מלחמה. דידאָזיקע גע־שעעניש האָט בכלל אַריינגעטראָגן אַ צערודערונג אין זייער לעבן און אין זייער סאָציאַלער לאַגע.

# מאָביליזאַציע

די סאָציאַלע לאַגע פון די קאַיבאַלער און סאַיאַטאַ־מאָנ־גאָלער טאָטערישע שבטים איז אין די צאַרישע צייטן געווען אַזאַ, אַז זיי זענען געווען פאַררעכנט נישט פאַר גלייכע ביר־גער מיט דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג פון רוסלאַנד און אפילו אויך נישט מיט די אָרטיקע איינוווינער, וואָס קומען פון אַן אַנדער אָפּשטאַמונג (מאַלאַקאַנער, קאָזאַקן). פאַר די טאָטערן האָבן עקזיסטירט באַזונדערע געזעצן, וואָס האָבן באַ־גרענעצט זייער רעכט צו באַטייליקן זיך אין עפנטלעכן, גע־זעלשאַפטלעכן לעבן צוזאַמען מיט דער איבעריקער באַפעלקע־רונג פון דער געגנט, און דער העכסטער אויסדרוק פון די רעכטלאָזע געזעצן איז, נאַטירלעך געווען דאָס, וואָס מען האָט די טאָטערן אין מיליטער נישט גענומען.

צי דאָס איז געווען אַ טראַדיציע פון קדמונים, אָדער אַ יורידיש שפּיצל מצד די נאַציאָנאַליטעטן־האַסער פון דער צאַרישער אָליגאַרכיע, וועלכע האָבן זייער טעמפּע און שענד־לעכע פּאָליטיק פאַרוואַנדלט אין אַ געזעץ — ווייס איך נישט גענוי, אָבער די קאַיבאַלער טאָטערן זענען קיינמאָל נישט גע־נומען געוואָרן אין מיליטער און קיינמאָל זיך נישט באַטיי־

ליקט אין די מלחמות, וואָס רוסלאַנד האָט געפירט. דעריבער איז דאָס פלוצלינגע מאָביליזירן זיי אויף מלחמה אַרויסגערופן אַן איבערקערעניש אין זייערע מוחות.

און די באַציאונג צו דערדאָזיקער געשעעניש איז געווען אַ פאַרשיידענע; די עלטערע האָבן זיך געפרייט, וואָס מען אָנערקענט זיי אַלס בירגער און זיי ווערן, הייסט עס, לייטן גלייך. די ייִנגערע האָבן געטענהט, אַז דאָס טוט מען נישט צוליב זייער בירגער-רעכט, נישט ווייל מען וויל זיי פאַרבינדן מיטן אַלגעמיינעם רוסלאַנד, נאָר פשוט דערפאַר, ווייל מען דאַרף האָבן האַרמאַטן-פלייש אויף די שלאַכט-פעלדער, און אַלס האַרמאַטן-פלייש קאָנען אויך דינען די רעכטלאָזע טאָטערן... עס האָבן וועגן דעם דיסקוטירט און געשמועסט זייער היציק קליין און גרויס. און אפילו די יונגע, די סקעפּטיקער, זענען אויך אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער געהויבענער שטימונג, וואָס האָט זיך געשאַפן צווישן דער טאָטערישער באַפעלקערונג דורך דער מאָביליזאַציע-דערקלערונג. עס האָט זיי געררייצט דאָס אומבאַוווסטע, דאָס אַרויסגיין אין דער גרויסער וועלט אַריין, און... דער קאַמפּס-לוסט, וועלכן זיי באַזיצן אַלע אין גרויסער מאָס, איינגעזאַפּט אין זיך דורך לאַנגע יאָרן שווערן קאַמף מיט דער נאַטור.

די מאָביליזאַציע האָט פאַרכאַפּט די קאָיבאַלער, ווען זיי האָבן זיך כמעט אַלע געפונען אויף זייער לאַצמאַנישער אַרבעט, צעזייט און צעשפּרייט איבער די טייכן און טייכלעך. עס זענען אַראָפּגעקומען אַדמיניסטראַטיווע און מיליטערישע טשינאָווניקעס און האָבן דערקלערט, אַז די וואַלד-עספּעדיציע מוז באַפרייען פון דער אַרבעט אַלע טאָטערן אין עלטער ביז דרייאונפערציק יאָר, ווייל זיי ווערן גערופן אויף מלחמה. עס זענען צעשיקט געוואָרן שליחים אויף אַלע טייכן און אין אַלע ווינקעלעך, ווו זיי האָבן נאָר געאַרבעט, און אין דריי-פיר טעג אַרום איז דאָס דערפל, ווו די עקספּעדיציע-קאַנטאָר האָט זיך געפונען, געווען פאַרפלייצט אויף וויאָרסטן אַרום מיט די אָנגעקומענע צעשראָקענע און פאַרלוירענע טאָטערן.

מיט אַ מענטאָרישן טאָן האָבן די טשינאָווניקעס דערקלערט די צונויפגעטריבענע, אַז דער צאַר-באַטיושקאַ טוט מיט זיי אַ גרויסן חסד און נעמט זיי אַריין אין די רייען פון די העלדישע קריגער, וואָס קעמפן אויף די שלאַכט-פעלדער מיט די באַרבאַרישע טעווטאָנער, וואָס ווילן אומברענגען רוסלאַנד און די גאַנצע וועלט מיט איר ציוויליזאַציע. יעדער דאַרף זיך פילן גליקלעך מיט דעם גרויסן צאַרישן חסד, און דאַרף זיין גרייט צו מקריב זיין דאָס לעבן פאַר אים און פאַרן פאָטערלאַנד. און דער צאַר-באַטיושקאַ באַפעלט, אַז אין משך פון דריי טעג זאָלן אַלע זיין פאַרטיק צו לאָזן זיך אין ווייטן וועג אַריין. ביז מינוסענסק קאָן יעדערער קומען ווי ער וויל. דאָרט אויפן זאַמלפונקט, וועט מען אַלעמען באַזאָרגן מיט קליידער און מען וועט שוין אַלעמען פירן וווהין מען דאַרף אויף קאַזיאָנעם רעכנונג. ווער עס וועט זיך אויסבאַהאַלטן, אָדער בכלל אויסמיידן, מיט וועלכע עס איז מיטלען, צו קומען צום באַשטימטן טערמין צום זאַמלפונקט, וועט גלייך איבערגעגעבן ווערן צום פעלד-געריכט, וועלכער פאַרמשפט פאַר אַזעלכע פאַרברעכנס צום טויט.

דערדאָזיקער באַפעל איז איבערזעצט געוואָרן אויף טאָטעריש און האָט זיך ווי אַ שטורעם צעטראָגן איבערן שטח, ווו די טאָטערן האָבן זיך צעשפרייט אַרום דאָרף. אַ קליינע ווײַלע איז געווען שטיל, דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן אַ טומל און אַ ליאַרם, וואָס האָט געדויערט עטלעכע שעה.

די טשינאָווניקעס האָבן זיך געשראָקן פאַר דעם ווילדן עולם און דעריבער האָבן זיי מיטגעבראַכט אַ מיליטערישע אָפּטיילונג פון אַ הונדערט גוט-באַוואָפנטע סאָלדאַטן אויף אַ פאַל פון וועלכן-עס-איז ווידערשטאַנד מצד די מאָביליזירטע צו דעם גרויסן צאַרישן חסד און איינזעעניש, וואָס ער האָט מיט זיינע פאַרוואָגלטע און פאַריאָגטע ווילדע אונטערטאַנען.

— זאָל זיין, הלואי זאָל מען נישט דאַרפן! — רוימט מיר איין בסוד דער עלטערער טשינאָווניק — מען קאָן זיך אויף דעם עולם נישט פאַרלאָזן...

און כדי דער טומל, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן צווישן די טאָטערן, זאָל נישט ווייט אַוועקגיין, האָבן די באַוואָפנטע סאָלדאַטן אַרומגערינגלט די מחנה און געהייסן גיין צו די היימען גרייטן זיך אין וועג אַריין. דער עולם איז באַלד שטיל געוואָרן, און ווי די שעפּסן האָט מען זיך געלאָזט גיין צו די אולוסן מיט דער גוטער בשורה. אין די אולוסן ערשט האָט זיך אָנגעהויבן די רעכטע דיסקוסיע און דיסקוטירנדיק האָט מען זיך געגרייט אין וועג אַריין.

אַ באַזונדערן רושם האָט די איבערקערעניש געמאַכט אויף די פרויען. זיי האָבן אייגנטלעך נישט באַגריפן גענוי וואָס דאָס מיינט, וווהין און מיט וועמען מען גייט מלחמה האַלטן, נאָר די טראַדיציע און די טרוימען, וואָס די קאָיבאַלער קורגאַנעס האָבן אויף זיי אָנגעוויייעט פון אַלטע צייטן, האָבן פאַר זיי געשאַפן אַן אילוזיע, אַז דאָס איז אַ קריג פון נקמה פאַרן אַלטן העלד, דעם כאַן קוטשום, אַ מלחמה פאַר באַפרייען קאָיבאַל פון די פרעמדע פאַרגוואַלדיקער און פייניקער, און האָבן מיט אַ באַזונדערע ליבע געגרייט זייערע מענער און ברידער אין קריגערישן וועג אַריין.

עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז ביי דער גאַנצער געשעניש איז כמעט קיין איינציקע טרער נישט אַרויסגעלאָזט געוואָרן נישט פון מענער און נישט פון פרויען. אַלע זענען געווען ערנסט און אין זייער אַ געהויבענער שטימונג. און אין דער שטימונג, באַוואַכטע פון סאָלדאַטן, האָבן די „נישט ציוויליזירטע" (דעם עלטערן טשינאָווניקס טערמינאָלאָגיע) טאָטערן נישט פאַרגעסן צו באַזאָרגן די איבערגעלאָזענע האָלץ-קאַראַוואַנען אויף די טייכן. אַלע אַלטע לייט זענען מיטאַמאָל געוואָרן אַרבעטספעאיק, און ווען די מאָבילי־זירטע מחנות האָבן זיך געלאָזן אין וועג אַריין, צו די קרי־גערישע שלאַכט-פעלדער, האָבן זיך די אַלטע לייט, באַוואָפנטע מיט יוגנטלעכן מוט און מיט ווילדער סטעפּישער ענערגיע, געלאָזן צו דער איבערגעלאָזענער פרידלעכער אַרבעט.

אין משך פון עטלעכע טעג זענען אַלע שטעגן און וועגן

געוועזן פארפלייצט מיט רייטער און פוסגייער. דאָס זענען גע־גאַנגען די מאָביליזירטע צו זייער זאַמלפּונקט אין שטאָט אַריין, בייגעריקע, דערוואַרטנדיקע אין באַגלייטונג פון זייערע משפחות, פון זייערע ווייבער און קינדער, ברידער און שוועסטער. די אולוסן זענען געבליבן פוסט. אַלץ און אַלע זענען אַוועק, און עס האָט אויסגעזען ווי אַ פּאַרצייטיקע שבטים־איבערוואַנדערונג.

און אויך אונטערוועגס און ביים געזעגענען זיך איז קיין טרער נישט פאַרגאָסן געוואָרן. די פאַרבליבענע האָבן גע־בענטשט די אַוועקגייענדיקע און דערמיט איז געווען געענדיקט.

ווער ווייס — אפשר האָבן די טאָטערן, וואָס זענען צום ערשטן מאָל געגאַנגען אויף מלחמה פאַר רוסלאַנד, געשפּירט, אַז זיי וועלן באַפרייט ווערן פון דעם אילאָטן־יאָך און וועלן ווערן זעלבסטשטענדיק, ווי דאָס איז אין דער ווירקלעכקייט געשען נאָך דער רעוואָלוציע.

געקאָסט האָט עס זיי אַלנפאַלס נישט ביליק. דער פּיל־יאָריקער יאָך האָט זיי געבראַכט צו אַ מצב פון אונטערגאַנג און ערשט אויפן גרענעץ פון אומקום, איז געקומען די באַ־פרייאונג...

די עלטערע לייט האָבן מיט דער לאָצמאַנישער אַרבעט נישט געקאָנט אָנגיין, זיי האָבן שוין פאַרלאָרן זייער געניטקייט איבער די טייכן, און אַזויאַרום האָבן זיי עס לאַנג נישט גע־קאָנט אָנהאַלטן און זענען אַוועק צוריק צו זייערע היימען.

די אָנגעהויבענע גרויסע אַרבעט איז געווען געשטערט און צעבראָכן (וואָס דאָרט קומט איצט פאָר אויף דעם געביט, איז מיר אומבאַוווסט).

אינגיכן בין איך אויך מאָביליזירט און אַוועקגעשיקט גע־וואָרן אויף מלחמה, און פון דער עקספּעדיציע איז גאָרנישט נישט געוואָרן.

---

## IX

# סאָיאָטינער

אַ גאַנץ באַזונדערע גרופּע, שטאַרק פאַרשיידן פון די קאַיבאַלער שבטים, שטעלן מיט זיך פאָר די סאָיאָטינער. זיי געהערן שוין צו כינע, אָבער געפינענדיק זיך אויף דער סאַמע גרענעץ פון קאַיבאַל, זענען זיי מער פאַרבונדן מיט די רוסישע אונטערטאַנער—די קאַיבאַלער שבטים — איידער מיט דער ווייטער מאָנגאָלישער באַפעלקערונג.

די סאָיאָטינער געפינען זיך האַרט ביים אַרויסגאַנג פון די סאָיאָנען אויף די קאַבדאַ-סטעפּעס, צווישן די פונקטן (קליינע שטעטלעך אַזוינע) קאַבדאַ און אַליאַסוטאַי. דאָס איז די צפונדיקסטע פּראָווינץ פון מאָנגאָליען (כינע) צו דרום צו פון סיביר. די גרענעץ מיטן רוסישן סיביר בילדן די סאָיאָנען-בערג, וואָס ליגן אין צפון-מערב-טייל פון סיביר, פאַרהעלטניסמעסיק נישט ווייט פון מינוסינסק (700—800 מייל).

די אולוסן פון די סאָיאָטינער זענען צעוואָרפן איבער די קאַבדאַער סטעפּעס ביי דעם טייך קאַבדאַ און די אָפּצווייגונגען פון די טייכלעך קינגוי, טשוא א. אַ. וו. דער באָדן פון קאַבדאַ אין דער טייל, וווּ די סאָיאָטינער זיצן, איז דאָס רוב אַ זאַמדיקער, און חוץ ווילדע פּריירי-גראָזן וואַקסט דאָרט גאָרנישט; דער הויפּט פּרוכטבאַרער פּלאַץ ליגט האַרט ביי דעם וואַלדיקן שפּוע פון די סאָיאָנען; דאָרט איז דער באָדן שוואַרץ-ערדיק, עס זענען אויך דאָ לאָנקעס, וואָס ווערן באַוואַסערט מיט די שטראָמען, וואָס פאַלן פון די בערג-שפּאַלטן (אויף די סאָיאָנען-בערג ליגט אומאויפהערלעך שניי און אייז. אין זומער, ווען דער שניי און אייז הייבן זיך אָן ביסלעוויי שמעלצן, פליסט אַראָפּ דאָס וואַסער דורך פאַרשיידענע שפּאַלטן אין טאָל אַריין), און אין דעם טייל פאַרנעמען זיך די סאָיאָטינער אַביסל מיט ערד-אַרבעט.

ווי די קאַיבאַלער טאַטערן, ווינען די סאַיאַטינער אויך אין יורטעס, אָבער די יורטעס זייערע זענען געבויט, אָדער ריכטיקער געזאָגט, צונויפגעשטעלט פון אַ גאַנץ אַנדערן שטייגער. די קאַיבאַלער יורטעס זענען דורכויס געבויט פון האָלץ, די דעכער זענען הילצערנע, אַנדערע זענען אפילו גדעקט מיט אייזן-בלעך; די סאַיאַטינער יורטעס זענען פשוטע געצעלטן, ווי צופעליק-אויפגעשטעלטע פאַר אַ צייטווייליקער וווינונג. יעדע יורטע ווערט צונויפגעשטעלט פון פלעקער, וועלכע דינען אַלס פונדאַמענט. אונטן פאַרנעמען זיי אַ שטח, אין קיילעכיקער פאָרם, אין ראַדיוס אַן ערך 12—15 מעטער, אינדערהויך—4—5 מעטער. אויבן קומען זיך די פלעקער צונויף, ווערן איבערגעבונדן מיט אַ שטריק, אָדער מיט דראָט און דער סקעלעט איז פאַרטיק. דערדאָזיקער סקעלעט ווערט צוגעדעקט מיט קאָרע פון ביימער, פעל פון חיות און אויך מיט שטאָף. אויבן ווערט אַ שטיקל איבערגעלאָזן אָפן, כדי דער רויך פונם פייער, וואָס ברענט אין יורטע זאָל אַרויס. און פון דער זייט איז דאָ אַן עפענונג צום אַריינגיין און אַרויסגיין. אויף דעמזעלביקן אופן ווערן געבויט אויך שטאַלן, הגם מען ברויכט זיי זייער ווייניק.—די שאָף און רינדער, וואָס זיי פאַרמאָגן, געפינען זיך דעם גאַנצן יאָר אונטערן פרייען הימל. אָפט ווערן דידאָזיקע שטאַלן פאַרוואַנדלט אין וועב-ווערקשטאַטן, ווו די פרויען וועבן לייוונט און וואָל-שטאָפן.

די קליידונג פון די סאַיאַטינער איז אַ געמיש פון כינעזיש מיט טאָטעריש. שיך טראָגן זיי דאָס רוב הילצערנע. ווינטער טראָגן זיי לעדערנע שטיוול, אָבער געניים אויפן טאָטערישן אופן — ווייך, אָן פאָדעשוועס, די ברעגן פון די כאָליעוועס זענען באַפוצט מיט פעלץ. היטלען טראָגן זיי שטאָפענע, שפיציקע, אונטן באַפוצט מיט אַ שמאָל פאַסיקל פעלץ. די בגדים זענען גענייט פון אייגענער האַנט-אַרבעט-שטאָף, אויפן כינעזישן שטייגער: ברייטע, קורצע הויזן און קאַפטנס. דאָסזעלביקע אויך די פרויען, אָבער ביי די סאַיאַטינער, אפילו ביי די פרויען, איז כמעט פאַרווישט די ליידנשאַפט צו פאַר-

ביקייט, צו בונטע שטאָפן. זיי קליידן זיך איבערהויפּט אין שוואַרצע און געלע שטאָפן. אַלטעגלעכע קליידונג איז פון פּראָסטע שטאָף — לייוונט אָדער וואָל, וואָס זיי וועבן אַליין. די יום-טובדיקע בגדים זענען שוין געניייט פון זיידנשטאָף און סאַמעט, באַפּוצט מיט פאַרשיידענע פּאַטשערקעס און הענגלעך, לויט דעם טאָטערישן געשמאַק, אָבער נאָך דעם כינעזישן שניט. אויך די יום-טובדיקע שיך זענען שטאָפענע, — זיידענע אָדער סאַמעטענע—אויסגענייטע שטעק-שיך. קיין צעפּ פון זייערע האָר פלעכטן נישט די סאָיאָטינער פרויען, ווי דאָס טוען די קאָיבאַלער. זיי פאַרדעקן זייערע קעפּ מיט ספּעציעלע הויבן נאָך דער חתונה, און די מיידלעך טראָגן טיכלעך. די פעלצן זייערע זענען דורכויס אַרומגענייט מיט בונטע סטענגעס און שפּיצן.

אויך די אויסשטאַטונג אין די יורטעס איז נישט אַזוי שרייענדיק, ווי ביי די קאָיבאַלער. אפילו זייערע ספּעציעלע טיי-געשיר זענען איינפאַך—קליינע, טונקל-באַמאָלטע טעפּלעך און טאַסן. געשיר צום עסן נוצן זיי מערסטנס הילצערנע. די יורטעס ווערן באַהייצט ווי די קאָיבאַלישע, — אינמיטן איז אייגעאָרדנט אַ מין מזבח, אויף וועלכן עס ברענט פייער טאָג און נאַכט. אויף דעמדאָזיקן פייער ווערט אויך געקאָכט און געבראָטן פאַרשידענע שפּייז. די הויפּט-שפּייז זייערע באַשטייט פון פלייש. פיש האָבן זיי נאָר ווינטער. אין אָנהויב ווינטער לאָזן זיי זיך גרופּעסווייז דורך די סאָיאָנען-בערג צו דעם טייך אננא—די פיש-געבערין פון געגנט—און פאַנגען פיש פאַרן אייגענעם געברויך, נישט צום פאַרקויפן. מיט דעם געפאַנג באַנוצן זיי זיך בלויז ביז זומער. זומער-צייט געברויכן זיי מילך און איינגעזאַלצענע פלייש, וואָס זיי האָבן לרוב פון אייגענע שאָף און רינדער.

דאָס סאָיאָטינער ברויט שמט אין דער געגנט. דער ווייץ, וואָס וואַקסט ביי זיי איז אַ זעלטן ריינער און ווייסער און זייער געשמאַק אין טעם. דאָסדאָזיקע ברויט מיט טיי איז אויך אַ טייל פון זייער נאַרונג. טיי טרינקען זיי אָן צוקער.

די באַשעפטיקונג פון די סאָיאָטינער איז כמעט דיזעל-

ביקע ווי ביי די קאָיבאַלער שבטים. די הויפּט-אַרבעט זייערע באַשטייט אין יאַגד און דערעיקר יאָגן זיי זיך נאָך מאַראַלן, נישט אַזוי צוליב די פעל און פלייש, ווי צוליב די הערנער, פון וועלכע זיי באַקומען אַ פּליסיקייט, וועלכעס ווערט פאַרקויפט פאַר זייער הויכע פּרייזן אַלס מעדיצינישער פּרעפּאַראַט. די וועלדער און טייגעס אויף דער נידעריקער טייל שפּוע פון די סאָיאָנען, זענען רייך מיט מאַראַלן און דעריבער זענען זיי געוואָרן דער הויפּטציל פון די סאָיאָטינער יאַגדן. פיל פון די קאָבדאָער איינווינער האָדעווען קליינע הירשלעך צוליב די הערנער. אין אַ געוויסן עלטער שעכט מען זיי, מען נעמט אַראָפּ די הערנער פאַר מסחר און די פעל און פלייש ווערט פאַרווענדט פאַר אייגענעם געברויך. די סאָיאָטינער פאַרמאָגן אויך מחנות שאָף און רינדער, אָבער נישט אין אַזאַ צאָל ווי די קאָיבאַלער. פערד האָבן זיי ווייניק. שאָף און רינדער געפינען זיך כמעט שטענדיק נישט ווייט פון די היימען. ווינטער נערן זיי זיך אויך מיט די ווילדע אונטערשנייאיקע גראָזן.

אַמאָל אין יאָר אָדער אין צוויי קומען אַהין אַראָפּ אָרטיקע סוחרים (סוחרים פון דער ווייט קומען אַהין זעלטן, ווייל פון דער סיבירער זייט ליגט דער וועג אַהין דורך די בערג-שפּאַלטן און איז נישט אַלעמען באַקאַנט, און פון די גרעסערע כינעזישע שטעט איז עס זייער ווייט) און קויפן אָפּ ביי די סאָיאָטינער די תבואה, שאָף און רינדער און אַלע אַנדערע זאַכן, וואָס זענען באַשטימט צום פאַרקויפן.

יעדן ווינטער לאָזט זיך אַ גרופּע סאָיאָטינער פון פאַרשידענע אולוסן דורך די בערג קיין מינוסינסק איינצוקויפן זאַכן, וואָס זיי פעלט. די כינעזישע און אפילו די מאָנגאָלישע שטעטלעך באַזוכן זיי כמעט קיינמאָל נישט צוליב דער ווייטקייט, און דעריבער זענען זיי שטענדיק פאַרבונדן מיט די גרענעץ-שכנים, די קאָיבאַלער תושבים, און זענען פאַררעכנט, ווי אַ טייל פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג, מיט וועלכער מען שטייט אין שטענדיקער באַרירונג.

אַ גרויסער טייל פון די סאָיאָטינער פאַרנעמט זיך בלויז

מיט ערד־אַרבעט און מיט האָדעווען שעפּסן. דידאָזיקע שעפּסן־מחנות דערגרייכן אָפּט צו צוויי־דריי טויזנט שטיק. אין האַרבסט ווערט אַוועקגעלייגט זייער פיל אַרבעט אויף שערן די שעפּסן, וואַשן די וואָל און צוגרייטן עס צום שפּינען. כּמעט אַלע פרויען, אָן אויסנאַם, פאַרנעמען זיך מיט שפּינען די וואָל און נאָכדעם וועבן שטאָף. אַלץ ווערט, נאַטירלעך, געטון אויף אַ פּרימיטיוון אופן. דעם גאַנצן שפּעטיקן האַרבסט און ווינטער טראָגט זיך אַ קלאַפּעריי און פּייפעריי פון די שפּינדלען און וועבשטולן, וואָס זענען דאָ כּמעט ביי יעדער יורטע. די שעפּסן־וואָל און די לייוונט און וואָל־שטאָפן, וואָס זיי וועבן אויס אין משך פון ווינטער, גיט די סאָיאָטינער אַ באַדייטנדיקע הכנסה.

די גאַנצע סאָיאָטינער באַפעלקערונג איז אַן אַרבעטספּעאיקע און איז בכלל נישט אָרעם.

רעליגיעז זענען די סאָיאָטינער פאַרבונדן מיט די קאָיבאַלער שבטים. זיי האָבן אייגענע שאַמאַנען, וואָס ריכטן־אָפּ גאָטעס־דינסטן, אָבער די גרויסע ימים־טובים פייערן זיי בשותּפות מיט די קאָיבאַלער. צו דעם זומער־פעסט, ווי אויך צום האַרבסט־יום־טוב קומען צו פאָרן צו איזיק־כאַן און אוסט־יעס די עלטערע סאָיאָטינער מיט זייער שאַמאַן און ריכטן דאָ אָפּ די גרויסע „עבודה״ און פראַווען אָפּ די פייערונגען. אין די היימען זייערע פירן זיי זיך אויף ווי די קאָיבאַלער: פון צייט־צו צייט קומט צו פאָרן אין אולוס דער שאַמאַן און פראַוועט זיין „עבודה״ בצבור מיט אַלע איינוווינער פון אולוס, און דערמיט זענען אַלע זייערע רעליגיעזע מנהגים געענדיקט. דער סדר פון זייערע „עבודות״ איז אויך דערזעלביקער, ווי ביי די טאָטערן.

דער פיזישער מצב פון די סאָיאָטינער איז אַ פיל בעסערער ווי דער מצב פון די קאָיבאַלער שבטים. נישט קוקנדיק דערויף, וואָס זיי וווינען אין ענגע און שלעכטע יורטעס, זענען זיי אויס ריינער, ציכטיקער. זיי וואַשן זיך אַלע טאָג און באַנוצן אפילו זייף. פון וואַנען קומט צו זיי דידאָזיקע

קולטורעלע רגילות איז מיר נישט באַוווּסט, אָבער דער פאַקט איז, אַז זיי געבראַוכן זייף. ווינטער וואַשן זיך אַלע—קליין און גרויס—מיט שניי, באָרוועסע, האַלב-נאַקעטע, אויפשטייענדיק פון די געלעגערס אין פרימאָרגן, שיטן זיי זיך אַרויס פון די יורטעס-געצעלטן און וואַשן זיך מיטן קאַלטן, זויבערן שניי און שפּיגלען זיך אין דער אויפגייענדיקער זון. די קעלט אַרט זיי נישט, און די פיס זייערע פרירן נישט צו צום אייז פון די פוסטריט...

קיין בראָנפן פּראָדוצירן זיי נישט, און דעריבער טרינקען זיי דידאָזיקע משקה זייער זעלטן און ווייניק. דאָס ווירקט, נאַטירלעך, אויך זייער גוט אויף זייער פיזישן מצב.

בכלל זענען זיי אויס פיל רואיקער, מנוחהדיקער פון די קאָיבאַלער טאָטערן. נישטאָ די ווילדע יאָגעניש אויף די פערדלעך איבער דער פריירי, נישטאָ די הפקר-נאַטור, וואָס האָט זיך אויסגעאָרבעט ביי די קאָיבאַלער דורך דורות און דורות פון וואַנדערן מיט מחנות שאָף, רינדער און פערד איבער די ענדלאָזע, ווילדע סטעפּעס. נידעריק געוויקסיקע — זענען זיי אָבער פעסט-געבויטע, שטילע, קאָנצענטרירטע און געזונטע. זיי זענען נישט אַזוי ברוין ווי די טאָטערן, זייערע פּנימער זענען געלבלעך, די אויגן שמאָל און קרומלעך — עכט מאָנגאָלישער טיפּ.

נישט בעת איך האָב באַזוכט די סאָיאָטינער (ווינטער 1916) און אויך נישט שפּעטער האָט זיך מיר נישט איינגעגעבן צו געפינען מעדיצינישע, סטאַטיסטישע ידיעות וועגן זייער געזונט-צושטאַנד. דער בייסקער דאָקטאָר, וועלכער באַזוכט אַמאָל אויך די פּאַרוואָרפענע סאָיאָטער, פאַרזיכערט, אַז זיי זע׳ען אַ געזונטע באַפעלקערונג, אַז זיי ליידן נישט אויף די אויספרעסנדיקע קרענק, וואָס די קאָיבאַלער טאָטערן ליידן. — זיי זענען נישט קיין סיפיליטיקער, זיי ליידן נישט פון קרעץ, א. אַז. וו. זיי זענען נאָרמאַל געזונטע מענטשן, נאָר זיי לעבן ביי פּרימיטיווע היגיענישע באַדינגונגען. גליקלעכערווייזע זענען זיי פון דער נאַטור זויבערער פון די טאָטערן.

און דאָס טיילט זיי אויס פון די קאַיבאַלער שבטים.

בנוגע בילדונג — זענען זיי אָפּגעשטאַנען אפילו פון די טאַטערן. כמעט קיין איינער נישטאָ, וואָס קאָן לייענען און שרייבן. און זיי דאַרפן עס נישט לויט זייער לעבנסשטייגער און באַנוצן זיך מיט דעם קיינמאָל נישט. בעת זיי פאַרקויפן זייערע סחורות, אָדער קויפן איין פאַר זיך ביי לייטן, רעכע־נען זיי אויף די סומען זייער שנעל און געשיקט אויפן קאָפּ... טאָ צו וואָס באַדאַרפן זיי קענען שרייבן?...

און די „קולטורעלע געזעלשאַפט", און די „ציוויליזירטע רעגירונג"?—ווּעמען גייט עס אָן דער הייפעלע סאַיאַטינער, ווער אינטערעסירט זיך מיט זייער גורל?...

און אַזוי לעבן זיי אָפּ יאָרן און יאָרן, עס פאַרשווינדן און קומען אָן דורות אומוויסנדיקע, פינסטערע מענטשן, וואָס לעבן כמעט ווי אין די פרעהיסטאָרישע צייטן.

▪▪▪▪▪▪▪▪▪▪▪▪

# דער שאַמאַן

## (פּאָעמע)

אויף די בלוי-גראָע מרחקים,
אויף קאַיבאַלער סטעפּ דעם ווילדן,
צווישן בערג-שפּיצן און פעלזן,
פון אַלטאַי, דעם זוניק-בוגטן
ביז צופוסנס פון די אייזבערג —
ריזן-ריזיקע סאַיאַנען, —
האָבן זיך צעזייט, צעשאָטן
די אולוסן פון די ווילדע,
פון טאַבון-היטער און רייטער,
פון די יעגער פייל פון בויג,
פון די בערג- און סטעפּן-זינגער.

---

און די קיילעכדיקע יורטעס
מיט דעם שטענדיקן ליכט און פייער
אויף אַכטקאַנטיקע מזבחות,
און די ווינטיק-ברוינע תּושבים

מיט שמאָל־קרומע, שוואַרצע אויגן, —
טוליען האַרט זיך צו די ברעגן
פון די שטראָמענדיקע טייכלעך,
וואָס קאסקאדן פון אַלטאַי־בערג,
רייסנדיק זיך צו דעם אייז־ים.

---

און עס טרינקען פון די טייכלעך
שאָף און רינדער, מענטש און חיה;
און ס׳באַוואַסערן די שטראָמען
לאָנקעס גרינע פאַר מאַראַלן,
פעלדער שוואַרצע פאַר דעם מענטשן,
טונדרעס זומפיקע פאַר פייגעלעך,
און פאַר פוקסן, גאַרנאָסטאַיען —
ס׳בראשית בראדיקע טאַיגע.

*  *

*

איינגעקלעמט אין בערג און פעלזן,
שטייט אולוס אוסט־יעס פאַרחלומט,
הערט זיך צו ווי יעס די קליינע
שטראָמט אין אַבאַקאַן אין גרויסן,
קוקט צום גאָט, פון שטיין געהאַקטן,
וועלכער שטייט פון אַלטע צייטן
אויפן שייד־וועג פון די טייכן
אין דער מראה פון אַ יונגפרוי...
און די יונגפרוי שטייט פאַרטרויערט,
האַנט צו האַרץ און אויג צו מזרח,

צו אולגען דעם גאָט פון הימל.
און אין זומער־טעג אין הייסע,
און אין פראָסט־פאַרשנייטן ווינטער
קומען צו דעם ספינקס, צו יונגפרוי
זקנות, ווייבלעך, מיידלעך יונגע,
גיסן מילך אים אויף די לענדן,
זאַלבן אים מיט אייל דעם שטיין־קאָפּ,
און די פיס זיינע די טויטע
הילן זיי אין בונטע שטאָפן...
און עס שמט אוסט־יעס פון תמיד
פאַר אַ הייליק אָרט אין געגנט.

* *

*

אין אַ קליינער חורבה־יורטע,
איזיק־כאַן, דעם באַרג צופוסנס,
וווינט דער נביא פון דעם שבט,
זייער גרויסער כהן־גדול
דער שאַמאַן כאַפּיס דער אַלטער,
שטאַרק געבויגן פונם עלטער
איז כאַפּיס דער כהן־גדול.
נאַקעט איז זיין קאָפּ דער מידער,
ס׳פּאַרמעט פּנים פול מיט קנייטשן,
פון ד׳ אויגן, שפּיציק שאַרפע,
פאַלן טרערן גרויס ווי האָגל,
און פון קינבאַק ווי ווילד פרעמדע
הענגען הערלעך אַ פּאָר גראָע...

צום שאַמאַן כאַפּיס אין יורטע, —
אַ פאַרחושכטע, אָן הימל
אין דעם גאָלדן־זוניק זומער,
אַ פאַרזונקענע אין שנייען
אין קאַיבאַלער בייזן ווינטער, —
קלייבט זיך תּמיד אויף אַן עולם
צו מתפּלל זיין בציבור
און כאַפּיס איז דער שליח.

---

רונד אַרום די ווענט פון יורטע,
אונטער זיך די פיס געבויגן,
זיצן מענטשן שטיין פאַרגליווערט,
זקנים, זקנות, יונגוואַרג, קינדער
מיט צעשויבערטע האָר, האַלב נאַקעט
און מיט פייערדיקע אויגן,
גרייט אַנטשלאָסן צו אַ קרבן
וואַרטן אַלע אויף דער תּפילה.
און כאַפּיס דער אַלטער גרייט זיך:
הילט דעם קאָפּ אין בונטע טיכער
און די לייב אין טשעגדעקען *),
און מיט פוקסן עקן ווייכע
גאַרטלט ער אַרום די לענדן
און באַהענגט זיך מיט מכשירים
איינס געהיימער פאַרן צווייטן,
נעמט אין האַנט אַ פויק מיט גלעקלעך,

---

*) פעלן אַזעלכע.

גלאָצט די אויגן מיט כּוונה,
און עס הויבט זיך אָן די תּפילה.

---

גרויס וואַקסט־אויס כאַפּיס דער אַלטער,
שטאָלץ און מונטער ווערט דער זקן,
בעת ער נעמט זיך צו עבודה,
ווען ער קעמפט מיט בייזע רוחות
און דערהויבט זיך אין התלהבות
צו אולגען, דעם גאָט פון הימל...

---

פּלוצלינג טוט די פּויק אַ ציטער
אין די הענט פון כהן־גדול,
טויבע קלאַנגען פון די בלעכן,
בלייבן הענגען אין דערלופטן,
און כאַפּיס הויבט אָן שאַמאַניען,
הויבּ אָן פּראַווען זיין עבודה...
שטיל און שטיל, און שטאַרק און שטאַרקער
וואַקסט די תּפילה הויך און העכער,
טראָגן זיך מיט ווינט צום הימל
הללויה און מזמורים.
און ער שטרעקט די הענט צו מזרח,
צו דעם גאָט פון בייזע ווינטן,
און ער בעט אים און ער יאָמערט
און ער ברעכט די שערי רחמים.
באַלד געווענדט דעם בליק צו מערב,
צו דעם גרויסן זון־באַפעלער.

צום ממונה איבער פעלקער,
איבער בערג און איבער ימים.
איבער פעלדער, איבער וועלדער,
צום באַשיצער פון זיין שבט
מיט אַ תּפילה פאַר זיין ציבור: —
קום, דו גייסט פון בערג און פעלדער,
קום, דו אָדלער-גייסט פון וועלדער,
קום, דו גייסט פון בער און סאַרנע,
קום, דו גייסט פון פיש און פייגל," —
שרייט כאַפּיס און פויקט און ליאַרעמט, —
„קומט איר גייסטער און באַשיצט אונז
פון די ווייסע פעלקער ווייטע,
פון די בייזע צפון-ווינטן
און פון חיה רעה אין טייגע!
בענטשט די פייל מיט יאַגדן גוטע,
בענטשט די נעץ מיט פישן פעטע,
דעם קאַפּקאַן — מיט פוקסן גרויע!
שיצט די יורטעס פון שאַיטאַנען,
און פון פיינט, פון שלעכטע שכנים!
שיצט איר אונזערע קורגאַנעס,
אַלטע, אור-אַלטע בית-עולמס,
וווּ עס ליגן קאַיבאַלס העלדן,
וווּ עס רוען די גבורים
פון טאַשטיפּ, פון יעס און טאַטור:"

---

און ער קעמפט אין וועג מיט רוחות,
רופט צו הילף די גוטע געטער,

און אין נעץ פון דמיון-שטראַלן,
אויף די פליגלען פון די ווינטן
טראָגט כאַפּיס זיך העכער, העכער
צו די הימלען לויטער קלאָרע,
צו אולגען, דעם גאָט דעם גוטן,
און פאַריאָגט די שלעכטע געטער
און באַזיגט דעם בייזן דראַקאָן...

— „אָ, אָקפורוי, אָ, אָקפורוי !*)
דונערט אויס כאַפּיס דער אַלטער
און ער לאָזט זיך אין אַ ריקוד
רונד און רונד אַרום מזבח
און ער זינגט אַ שיר-היחוד
מיט עקסטאַז און גרויס השתפכות,
לויפט און דרייט זיך אין התפעלות,
קלאַפּט און פויקט און רעגט דעם פּאַרמעט,
ביז ער פאַלט פון גרויס התלהבות
און בלייבט ליגן אין חלשות...

---

זיצט דער עולם ווי פאַרכשופט
פון די צויבערלעכע תפילות,
און מען שעפּטשעט אין דער שטילקייט :
— אָ, אָקפורוי ! אָ, אָקפורוי !
און מען בוקט זיך צום מזבח :

---

*) הללויה.

— אָ, אָקפּורוי! אָ, אָטפּורוי!...

---

ליגט כּאַפּיס דער שליח צבור
נאָך די תּפלות ביים מזבח
מיט אַ פּנים — געלער פּאַרמעט
און מיט ווייטע, קאַלטע אויגן,
ווי פּורגע אויף ים הקרח,
און קוקט צו ווי זקנים, זקנות
זיצן רונד אַרום געהייליקט
און זיי שעפּטשען און זיי דבקהן
און זיי בוקן צום מזבח.
הויבט זיך אויף כּאַפּיס געהייליקט,
נעמט אַ גרויסן כּוס אַראַקע *)
— גאָט אַ קרבן פון דעם שבט —
און גיסט אויס אויף דעם מזבח.
און ס'הויבט אָן דער ווין צו זידן,
און כּאַפּיס הויבט אָן צו פּויקן,
און עס שרייט דער גאַנצער עולם
אין עקסטאַטישער התלהבות;
— „אָ, אָקפּורוי! אָ, אָקפּורוי!
זייט געבענטשט קאַיבאַלער סטעפּן
און איר הייליקע שאַמאַנען!
זיי געבענטשט, כּאַפּיס דער אַלטער
פאַר דיין זיגרייכער עבודה!"...

---

*) ווין געמאַכט פון מילך.

*　　*
*

און די ווינטן, די בוראַנען
פון סאַיאַנער בערג צווישן
קלינגען אַפּ אין סטעפּ און טונדרע;
— „אָ, אַקפּורוי!“
און אַלטאַי צעטראָגט אַן עכאָ;
— אָ, אַקפּורוי! אָ, אַקפּורוי!...

\-\-\-\-\-\-\-\-\-\-\-\-

# מינוסינסקער גרים

## (זייער לעבן און מנהגים)

### I

דער וועג, וואָס ליגט צווישן קראַסנאָיאַרסק און די סאָיאָנען, אַ רייזע פון אַכט—ניין טעג, איז זייער אַ שווערער, צוליב דעם, וואָס מענטשלעכער ישוב איז דאָ זייער זעלטן.

די ערשטע העלפט וועג גייט כסדר מיטן טייך יעניסעי ביז מינוסינסק. די צווייטע העלפט — מיט קאָיבאַלער סטעפּ און די טייגעס, וואָס ליגן צופוסנס די סאָיאָנער בערג.

ביי די ברעגן פון יעניסעי איז מענטשלעכער ישוב זייער זעלטן. איין דאָרף פון אַנדערן שטייט אָפּגעזונדערט אויף אַ שטח פון 75 ביז 100 וויאָרסט, און צוליב דעם בין איך אויף מיין רייזע אַהין, טראָץ די שרעקלעכע קעלטן, געצווונגען געווען צו פאָרן טאָג און נאַכט, אָפּשטעלנדיק זיך בלויז פון דאָרף צו דאָרף, כדי צו בייטן די פערד און געניסן אַ וואַרעם גלאָז טיי. עס רעדט זיך בלויז אַזוי „אַ גלאָז טיי״· די פּאַרוואָרפענע סיביריאַקעס זענען בעצם גאַסטפריינטלעכע מענטשן, און דאָס אָנקומען פון אַ דורכפאָרער, פון אַ נייעם מענטשן, ווערט ביי זיי פאַרוואַנדלט אין אַ יום-טוב. לכבוד די געסט טוט מען זיך אָן אין יום-טובדיקע בגדים, מע סערווירט אַ טיש מיט כל-טוב — מיט פאַרשידענע געבעקס פונם בעסטן

ווייץ, אויף וועלכן ס'איז בײַ זיי גרויס גערעטעניש, מיט פיש פֿאַרשידענע, קאַוויאַר, פֿלייש, אייער, מילכיקס. דער גרויסער סאַמאָוואַר צעזינגט זיך אויף די אייבערשטע טענער און שפּריצט מיט פּאַרע — און דאָס אַלץ הייסט בײַ זיי „כאַפּן אַ גלעזל טיי"...

אַ ווילדער, אַ האַרציקער עולם זענען די סיביריאַקעס.

דידאַזיקע ווייט-צעוואָרפֿענע דערפֿער זענען זייער גרויסע. זיי ציילן אָפּט צו דריי—פֿיר טויזנט איינוווינער, און צוליב דער ווייטקייט, וואָס עס ליגט צווישן דאָרף און דאָרף, איז יעדעס דאָרף פֿאַר זיך באַזאָרגט מיט אַלץ, אין וואָס מען נויטיקט זיך, לויט זייער דאָרטיקן לעבנסשטייגער: אין יעדן דאָרף איז דאָ אַ קלויסטער אָדער צוויי, וועלכע טורעמען מיט זייערע שפּיצן ווייט אַרום, אַ „זעמסקע פּאָסט" און אַ „סטאַנאָק" צום בײַטן פֿערד פֿאַר דורכפֿאָרער א. א. וו.

אויף יענער זײַט מינוסינסק ליגט שוין דער וועג נישט מיטן טײַך, נאָר מיט דעם קאָיבאַלער סטעפּ, צווישן די טײַכן יעניסעי און אַבאַקאַן. אַבאַקאַן איז אַ באַרג-טײַך, וועלכער פֿליסט פֿון דרום אַלטאַי און אויף אַ שטח פֿון דריי הונדערט וויאָרסט, פֿאַלט דער טײַך פֿון אַ הויך קרוב צו צען טויזנט פֿוס. צוליב דער גוואַלדיקער שטראָמקייט, צעטיילן זיך די וואַסערן אויף אַ סך צווייגן, טײַכלעך, אַרום וועלכע עס האָבן זיך פֿון קדמונים באַזעצט פֿאַרשידענע טאָטערישע שבטים (קאַטשינצעס, מאַטורצעס א. א.), פֿאַרבײַ וועלכע אונז איז אויסגעקומען צו פֿאָרן.

באַלד נאָך מינוסינסק איז די באַפֿעלקערונג נאָך זעלטענער, ווי בײַ די ברעגן פֿון יעניסעי. מעת-לעתן קומט אויס צו פֿאָרן איבערן וויסטן סטעפּ מיט די טאָטערישע קורגאַנעס — בערגלעך ערד, שטיינער-מצבות—שפּורן פֿון פֿאַרצײַטיקן ישוב.

נאָך ווייטער אַביסל, דאָרט, ווו עס באַווײַזן זיך שוין, ווי פֿון אַ נעפּל, די סאָיאָנער בערג-שפּיצן (הגם ביז צו זיי ליגט נאָך אַ שטח פֿון טויזנט וויאָרסט), ווערט די באַפֿעלקערונג אַביסל געדיכטער: דאָ ווײַזן זיך אָפּט די טאָטערישע

אולוסן, ווו נישט ווו בלייכט אַ פֿאַרוואָרפֿן און פֿאַרי־תומט כוטאָר (פּראָדוקטן פֿון סטאָליפּינס פּאָליטישער טעטיקייט אויפֿן אַגראַר־געביט...). און אויך זענען דאָ אויפֿן וועג גרויסע דערפֿער מיט אָרטיקע, סיבירער איינגעבוירענע תושבים, הויפּטזעלעך קאָזאַקן (אָרבאַטי, מאָנאַך, בעאַ, א. א.).

אויפֿן צווייטן טאָג נאָך מיין פֿאַרלאָזן מינוסינסק, זעענען מיר, אין אַ שיינעם זוניקן פֿרימאָרגן, אָנגעקומען אין אַ גרויסן דאָרף, וועלכער איז געווען צעטיילט אויף עטלעכע גאַסן מיט זייער שיינע בנינים.

געוווּנדערט האָט מיך, וואָס פֿאַרנדיק אַ לענגערע צייט דורכן דאָרף, האָב איך קיין איין קלויסטער־שפּיץ נישט באַמערקט. דאָס איז לחלוטין אומגעוויינלעך פֿאַר די גרעסערע סיבירישע דערפֿער. און מיטאַמאָל, ווי אַן ענטפֿער אויף מיין פֿאַרוווּנדערונג, האָב איך אין מיטן הויפּטגאַס דערזען אַ גרויסן, שיינעם בנין מיט אַ גרינעם קופּאָל אויפֿן דאַך, מיט צוויי רייען פֿענסטער, און איבער דער אַריינגאַנגס־טיר איז מיט גרויסע גאָלדענע אותיות געווען אָנגעשריבן:

„ב ר ו ך א ת ה ב ב ו א ך".

איך בין אַזוי איבעראַשט געוואָרן פֿון דער אויפֿשריפֿט, אַז איך האָב כּמעט פֿאַרגעסן ווו איך געפֿין זיך, און וואָס דאָ קומט פֿאָר.

— איז עס אַ פֿאַרבלענדעניש, אָדער אַ ווירקלעכקייט? גרויסע, גאָלדענע י י ד י ש ע אותיות, דאָ, אין קאָיבאַלן סטעפּ?

עטלעכע רגעס בין איך געבליבן ווי געליימט. ענדלעך האָב איך אַ זאָג געטון צו מיין בעל־עגלה, ער זאָל זיך אָפּשטעלן.

איך בין אַרויסגעשפּרונגען פֿון שליטן און צוגעלאָפֿן צום פֿאַרצויבערטן בנין.

אַ דערשטוינטער בין איך שטיין געבליבן פֿאַר דער טיר מיט דער יידישער ברכה.

יאָ, ס'איז נישט קיין פֿאַרבלענדעניש, — „ברוך אתה

בבואך״—עס איז אויסגעקריצט מיט גרויסע גאָלדענע אותיות.

ווי קומט עס אַהער? ווי קומט דידאָזיקע אויפשריפט אין דעם ווייטן, וויסטן קאָיבאַל סטעפּ? ווו אַ ייד טאָר קיין פוס נישט אַריינשטעלן?

ווער-זשע האָט עס דעם יידישן „ברוך הבא״ געקאָנט אויסקריצן דאָ, אין דעם פּראָסט-פּאַרשנייטן קאָיבאַל?

פון מיין דערשטוינונג האָט מיך אַרויסגעפירט דער פורמאַן. ער האָט, משמעות, פאַרשטאַנען מיין פאַרווונדערונג און האָט מיר, אויף זיין שטייגער, אָנגעהויבן צו דערקלערן אויף רוסיש, וואָס דאָס איז פאַר אַ געביידע און ווו מיר געפינען זיך:

— דאָס איז, פריץ, אַ יידישע שול, דאָ וווינען יידן! דאָס דאָרף רופט זיך אויך אָן מיט אַ יידישן נאָמען—יודינא!

וואָס פאַראַ יידן? ווי קומען אַהער יידן?

איך האָב זיך נאָך שטאַרקער פאַראינטערעסירט און האָב אָנגעהויבן פאַנאַנדערצופרעגן מיין בעל-עגלה, וואָס פאַראַ יידן דאָס זענען, ווילאַנג זיי זענען דאָ, פונוואַנען און וויאַזוי זיי קומען אַהער א. א. וו.

דער בעל-עגלה האָט אָנגעהויבן דערציילן באריכות די געשיכטע פון די יודינער איינוווינער, אָבער קיינע גענויע ידיעות וועגן די „זשידעס״ האָב איך נישט באַקומען. איך האָב זיך בלויז דערוווּסט, אַז דאָס איז אַ גרים-דאָרף, אַז יודינא עקזיסטירט שוין זייער לאַנג, און אַז די „זשידעס״ האָבן אַן אייגענעם רעזניק (שוחט) און אַן אייגענעם סוויאַשטשעניק (רב).

ליידער האָב איך נישט געקאָנט איבעררייסן מיין רייזע און בלייבן אין יודינא, נאָר איך האָב שוין פאַרשטאַנען, ווער עס האָט דעם „ברוך אתה בבואך״ איבערן טיר פון דעם שיינעם בנין אויסגעקריצט. און אַז איך בין שפּעטער געקומען קיין יודינא, ספּעציעל צו באַקאָנען זיך מיט די גרים, מיט זייער אַרט לעבן און מנהגים, מיט זייער אַרט דענקען און מיט זייער שטייגער. האָב איך מיך שוין גלייך געווענדט צום ראש-הקהל פון יודינא, צום אַלטן רב און שוחט אליהו ב״ר אליעזר פּאַוולאָוו.

דאָס מאָל האָב איך פאַרבראַכט אין יודינא אַ לענגערע צייט, און ווי ווייט מעגלעך אויסגעפאָרשט אַלץ, וועגן דער געשיכטע און קעגנוואַרטיקן לעבן פון די גרים.

---

## II

מיין באַזוך אין יודינא. דער ראש-הקהל אליהו פּאָוולאָוו, זיין משפחה, זיינע יידישע זאָרגן און אינטערעסן.

מיין וווין-פּלאַץ איז געווען האַרט ביי די סאָיאָנען, — עטלעכע הונדערט וויאָרסט פון דעם גרים-דאָרף יודינא.

אין פרילינג און אין אָנהויב זומער איז דאָ דער פּאַרקער אוממעגלעך, צוליב דעם אויסגוס פון צאָללאָזע בערג-טייכלעך. און אפילו שפּעט-זומער פאָרט מען דאָ אויך דאָס רוב רייטנדיק. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די אויסזיכט צו רייטן עטלעכע הונדערט וויאָרסט איז נישט אַזוי אַנגענעם, און דעריבער האָב איך די נסיעה קיין יודינא אָפּגעלייגט פון טאָג צו טאָג, אַזוי, אַז איך האָב זיך אויסגעקליבן אַהין ערשט אין זיבן-אַכט חדשים אַרום, דאָס הייסט, אַז מיין צווייטער באַזוך אין יודינא איז אויסגעקומען ערשט סוף זומער.

אָנגעקומען קיין יודינאַ בין איך פאַרנאַכט, ווען אַלע זענען נאָך פאַרנומען מיט דער אַרבעט אויף די פעלדער און גערטנער, און אין גאַס איז נישט צו טרעפן קיין לעבעדיקן מענטשן, חוץ קליינע קינדער. איך בין אַריינגעפאָרן אין אַן אַכסניה נישט צו קיין גר, נאָר צו אַ מאָלאָקאַנער*). ביי דעם בעל אַכסניה האָב איך זיך פונאַנדערגעפרעגט, ווער איז דער עלטסטער און חשובסטער מענטש ביי די גרים, צו וועמען איך וואָלט זיך

---

*) די מאָלאָקאַנער זענען אַ רוסישע סעקטע, וואָס האָבן זיך אָפּגעטיילט פון פּראַוואָסלאַוונעם גלויבן, צוליב רעליגיעזע און מאָראַליש-געזעלשאַפטלעכע אורזאַכן.

געקענט ווענדן נאָך וועלכע עס איז ידיעות. און הגם דער מאַ-לאַקאַנער איז געווען נישט שטאַרק באַהאַוונט אין די גרימשע ענינים, פונדעסטוועגן האָב איך זיך דערוווּסט, וווּהין צו גיין, און צו וועמען זיך צו ווענדן.

דער ראש-הקהל אין יודינאַ איז אין יענער צייט (1916) געווען אליהו ב״ר אליעזר פאַוולאָוו, דער עלטסטער צווישן דער גאַנצער גרים-באַפעלקערונג. און כאָטש ער איז געווען שוין אין די זיבעציקער יאָרן, האָט ער זיך נאָך פאַרנומען מיט געשעפטן מיט עולם-הזה-זאַכן און מיט קהלשע ענינים. אויך איז ער געווען רב, מוהל און שוחט.

פאַוולאָווס הויז איז דאָס שענסטע אין יודינאַ. ס'שטייט אין מיטן דאָרף, איז אַרומגערינגלט מיט אַ שיינעם בלומען-און פירות-גאָרטן. אַלע קינדער פון דאָרף קענען דאָסדאָזיקע הויז. עס איז מיר דעריבער נישט שווער געווען אויפצוזוכן פאַוו-לאָווס וווינונג, און נאָך צען מינוט גאַנג, בין איך שוין דאָרט געווען. איך האָב אָבער פאַוולאָוון אינדערהיים נישט געטראָפן, —ער איז געווען אין דער יידישער קאָאָפּעראַטיווער קראָם, פון וועלכער ער איז געווען פאַרוואַלטער און פלעגט דאָרטן פאַר-ברענגען גאַנצע טעג.

בין איך אַוועק אַהין.

די קראָם איז געווען פול מיט קונים—ווייבער און קינ-דער. עס איז געשטאַנען אַ גוואַלטיקער טומל, אַלע האָבן זיך געאיילט, אַלע האָבן געפאָדערט, מען זאָל זיי גיכער אָפּוועגן און אָפּמעסטן וואָס זיי באַדאַרפן; קינדער האָבן זיך געשטופּט און געשריגן, און ווען די אָנגעשטעלטע פון קראָם האָבן אויף גיך געוויגן און געמאָסטן, האָט דער אַלטער פאַוולאָוו, שטייענ-דיק ביי דער קאַסע, שנעל, ווי אַ יונגערמאַן, מיט אַ געניטער האַנט געציילט געלט, געגעבן רעשט און באַרואיקט דעם עולם.

צוערשט האָב איך נישט פאַרשטאַנען, מיט וואָס די קראָם איז אַ יידישע—אַלע קויפער, ווי אויך די אָנגעשטעלטע זענען פּראָסט פּשוטע פויערים און פויערטעס, די קינדער פויערישע. געקליידט זענען זיי אַלע פויעריש, און דערצו נאָך אויפן סי-

בירישן שטייגער. רעדן רעדט מען רוסיש מיט דער עכט־סיבי־רישער אויסשפּראַך... נאָר שפּעטער, האָב איך זיך דערוווּסט, (פּאַוולאָוו האָט מיר דערקלערט), אַז דאָס זענען טאַקע יידישע, דאָס הייסט גרימשע ווייבער און קינדער; זייער אויסזען איז, נאַטירלעך, אַ פּויערישער, ווייל זייער אויסערלעך און עקאָ־נאָמיש לעבן שיידט זיך מיט קיין זאַך נישט אונטער פונם לעבן פון דער אָרטיקער קריסטלעכער און טאָטערישער באַ־פעלקערונג. אין דער הינזיכט זענען זיי פולשטענדיק אַסי־מילירט.

איך בין די גאַנצע צייט געשטאַנען אָן אַ זייט און באַ־אָבאַכטעט דעם עולם. דער אַלטער פּאַוולאָוו האָט מיך באַלד באַמערקט, וואָרום מיט מיין אויסזען האָב איך זיך אויסגעצ־טיילט פון דעם פּויערישן עולם. נאָר ער האָט זיך צו מיר נישט געווענדט. און ווען ער האָט זיך אינגאַנצן באַפרייט פון זיינע קונים, בין איך צוגעגאַנגען צו אים און אין פאַרלעגנ־הייט דערקלערט, נאָך וואָס איך בין געקומען. ער האָט מיך זייער בייגעריק אָנגעקוקט און מיט אַ ציטערנדיקע שטימע אַ פרעג געטון.*)

— אַ ייד?

— יאָ,—האָב איך געענטערט.

דאַן האָט ער מיט אַ ליבלעכן שמייכל מיר זיין האַנט געגעבן, און דריקנדיק שטאַרק מיין האַנט, האָט ער מיר גע־זאָגט:

— שלום־עליכם!

— עליכם שלום!—האָב איך אים געענטפערט.

אַ נידעריקער, מיט אַ בלאַס, אויסגעדאַרט פּנים, טרויערי־קע אויגן און אומבאַרירטע גראָע באָרד,—האָט זיך אויף דעם גר פּאַוולאָוו שוין געלייגט דער שטעמפּל פון טויזנטיאָריקן גלות... ער האָט שוין אַלע סמנים פון אַ גלות־ייד,—ער רעדט מיט אַ

---

*) גערעדט האָט פּאַוולאָוו בלויז רוסיש.

פאַרמאַטערט קול, מיט צעשראָקענע אויגן, און איז שטאַרק באַוועגלעך...

אין אַ לענגערן סיורטוק (ראָק), פון אונטער וועלכן עס זעט זיך אַרויס אַ באַשיידן ארבע־כנפות, מיט אַ קיילעכדיק ציידן היטל אויפן קאָפּ, זעט פּאַוולאָוו אויס ווי אַן עלט־ליטווישער ייד פון ווילנער געגנט...

— קענט איר רעדן יידיש? — האָב איך אַ פרעג געטון פּאַוולאָוון.

— ניין, — האָט ער געענטפערט, מיט אַ שטילן זיפץ, — דאָס קענען מיר נישט, פון וואַנען זאָלן מיר עס קענען?... און הגם דער ענטפער איז געווען אויף רוסיש, האָט עס דאָך געקלונגען אַזוי יידישלעך...

פאַרטיק געוואָרן מיט די געשעפטן, האָט פּאַוולאָוו פאַרלאָזן די קראָם, און אַ צופרידענער און נייגעריקער האָט ער מיך אַוועקגעפירט צו זיך אַהיים.

דער וועג צו פּאַוולאָווס הויז איז געווען נישט קיין ווייטער. גייענדיק, באַטראַכט איך אים נייגעריק און מיט נישט ווייניקער נייגעריקייט טו איך אים אַ פרעג:

— זאָגט־זשע מיר, ה׳ פּאַוולאָוו, כאָטש בקיצור, ווער זענט איר, פון וואַנען קומט איר אַהער?

ער טוט אַ לייכטן שמייכל, און ענטפערט בניחותא:

— „מיר זענען גוים, דאָס הייסט, מיר שטאַמען פון פשוטע גוים, פויערים פון וואָראָניעזשער גובערניע. אונזערע זיידעס און עלטער זיידעס זענען אַהער פאַרשיקט און פאַרוואָרפן געוואָרן נאָך מיט הונדערט יאָר צוריק, אָבער איך וועל אייך נאָך פון דעם דערציילן שפּעטער. איצטער לאָמיר גיין אַהיים, יעדער ייד איז דאָך מחויב צו באַהאַנדלען זיינע געסט, ווי אברהם אבינו זיינע פאַרשטעלטע מלאכים: „לענט אונטער אייער הערץ, דערנאָך וועלן מיר רעדן".

רעדנדיק אַזוי זענען מיר געקומען צו פּאַוולאָווס היים.

אַ גרויס ליכטיק אָנדערהאַלב־שטאָקיק הויז פון פיר־פינף צימערן מיט אַ קיך אונטן.

פאַוולאָוו האָט אַ פרוי — דבורה. צוויי זין—זכריהו און שמשון און צוויי שנירן—דלילה און רחל.

זייער כאַראַקטעריסטיש און אינטערעסאַנט איז דאָס, וואָס כמעט אַלע גרים, מענער און פרויען,—טראָגן ביבלישע נעמען. אין פנקס, וועלכער דינט זיי אויך אַלס מעטריקע-דאָקומענט, זענען זיי פאַרשריבן אויף יידיש און אויף רוסיש.

אַריינקומענדיק אין שטוב קושט פאַוולאָוו די מזוזה און בלייבט אין היטל. איך טו אים נאָך.

אין ערשטן צימער האָבן מיר געטראָפן די אַלטע דבורה און די יינגערע שנור—רחל. אַלע איבעריקע בני-בית זענען גע-ווען אויף דער אַרבעט, און אַרבעט איז ביי זיי דאָ זייער פיל: די זין פאַרנעמען זיך מיט ערד-אַרבעט אויף זאַאימקעס.*) אונ-טער דעם אַלטנס השגחה ווערט באַאַרבעט די ערד אין יודינא גופא (ער אַליין באַאַרבעט שוין נישט מער קיין ערד—ער איז צו אַלט פאַר דעם). זיי האָבן פיל לאַנקעס צו באַאַרבעטן. האָבן פיל צוטון מיט פישפאַנג א. אַז. וו. בכלל איז פאַוולאָוו אַ פאַרמעגלעכער מענטש.— חוץ זיינע ערד-גיטער, באַקומט ער אויך שכירות פאַר דעם פאַרוואַלטן מיטן קאָאָפעראַטיוו, באַ-קומט שחיטה-געלט וכדומה.

די זין זענען אין דערהיים נישט געווען (דאָס איז געווען אין חודש אָב, שניטצייט). זיי זענען געווען אויף אַרבעט צוואַנ-ציק וויאָרסט פון יודינאַ. די עלטערע שנור איז אויך געווען מיט זיי, און דאָס קליינוואַרג האָבן זיך געשפּילט און געעסקט אַרום דער היים אויפן גאַס.

אליהו פאַוולאָוו האָט מיך פאַרבעטן צו זיך אין צימער. אויף אַ גרויסן, מיט אַ טונקעלן טישטוך באַדעקטן טיש, ליגן ספרים: אַ חושן משפט, יורה דעה, חומשים, אַ תנ"ך, אַ שלחן ערוך. מער קיין ספרים איז ביי אים נישטאָ. אין דעם ביסל ספרים איז ער אויך נישט קיין גרויסער מומחה... לערנען, ווי

---

*) אַ שטח לאַנד ווייט פון דאָרף. זאַאימקעס זענען גאַנץ אָפט ביי אַ 40-50 וויאָרסט ווייט פון דאָרף. אויפן סיבירישן חשבון איז דאָס נישט ווייט.

עס ווייזט אַרויס, קען ער נישט. די אַלע ספרים האָט ער פון דער צייט, ווען ער האָט שטודירט שחיטה ובדיקה, קבלה אויף שחיטה האָט ער באַקומען ביי אַן אַלטן קראַסנאָיאַרסקער שוחט ה׳ חפץ. ביי דעמזעלביקן ה׳ חפץ האָט פּאַוולאָוו אויך געלערנט אַביסל דינים פון שלחן ערוך. און דאָס זענען די גאַנצע ידיעות זיינע פון פוסקים און תורה בכלל, חוץ חומש און אַביסל נביאים, — דאָ איז ער מער באַהאַוונט... דאָך פּסקנט ער אָפּטמאָל שאלות, הגם זיי טרעפן זיך דאָרטן זייער זעלטן, קיין בשר בחלב שאלות, למשל, טרעפט כמעט גאָרנישט, ווייל מען איז זייער פּאָרזיכטיק און אָפּגעהיט. און טאָמער טרעפט זיך אַמאָל אַזאַ שאלה, פּסקנט עס דאָס רוב די בעל־הביתטע אַליין, דאָס הייסט, זי מאַכט עס טרפה און יוצא. זי האָט מורא פאַר גאָט...

איך האָב מיך פאַראינטערעסירט מיט די פּאָר ספרים, וואָס זענען געלעגן אויפן טיש. דאָס האָט צוגעגעבן מוט דעם אַלטן פּאַוולאָוון, און ער האָט פאַרפירט מיט מיר אַ שמועס וועגן יידישקייט בכלל און זייער גרימשע יידישקייט בפרט. עס איז זייער כאַראַקטעריסטיש, וואָס אין אַלע אונזערע שמועסן, וועלכע מיר האָבן געפירט אין משך פון די עטלעכע טעג, וואָס איך בין דאָרט געווען, איז קיין איין מאָל נישט באַרירט געוואָרן די פראַגע וועגן אַלגעמיינעם געזעלשאַפטלעכן און עקאָנאָמישן צושטאַנד פון יידן אין רוסלאַנד. דערעיקר האָט זיך פּאַוולאָוו (און אויך אַנדערע גרים, מיט וועלכע איך האָב זיך געטראָפן), אינטערעסירט מיטן רעליגיעזן צושטאַנד פון די יידן, — ווי זיי דאַווענען, ווי זיי לערנען, ווי זיי דערציִען זייערע קינדער אין די ישיבות א. א. וו. דאָס איז דאָס איינציקע, וואָס אינטערעסירט זיי. דאָס איז דאָס איינציקע, אין וואָס זייער יידישקייט באַשטייט, — דאָס יידישקייט, וואָס זיי האָבן, מיט קליינע אויסנאַמען, אין משך פון דריי־פיר דורות אַרויסגעהויכט פון דער יידישער אמונה...

עס איז געוווּנג, אגב אורחא, צו באַרירן אַ וועלכע עס איז רעליגיעזע פראַגע, ווי פּאַוולאָוו הויבט אָן תיכף צו פרעגן און צו דערציילן, — צו דערציילן מיט אַ טיפן טרויער וועגן דעם

וואָס ביי זיי איז נישט אַלץ כשורה, וואָס דער יונגער דור איז שוין נישט פרום א. א. וו. און ער דערציילט מיר דערביי וועגן אַלע זייערע מנהגים און זייער אַרט צוזאַמענלעבן.

---

## III

די גרימשע יידישקייט: זייערע מנהגים און פרומקייט.
זייער דאַוונען, יאָרצייטן, ימים-טובים א. א.

די גרים היטן אָפּ דינים פון תורה שבכתב און תורה שבעל-פה, גלייך מיט אַלע יידן. די פאַרגאַנגענע צוויי-דריי דורות האָבן זיי געלערנט און נאָכגעמאַכט די יידן. זיי היטן שטרענג מילה, שחיטה, כשרות, טלית ותפילין, שבת און אַלע ימים-טובים, תעניתים, הלכות נשים, אַלע יידישע מנהגים ביי חתונות, בריתן, בר-מינגס וכדומה. ספּעציעלע שטרענגקייט און אויפמערקזאַמקייט שענקען זיי צו פּסח. דער עסק פון באַקן מצה געדויערט גאַנצע צוויי וואָכן, און עס פאַרנעמען זיך מיט דעם קליין און גרויס; עס ווערן פאַר דעם פאַרבערייט באַזונדערע הייזער; די גאָטספאָרכטיקע ווייבער גרייטן צו יעדעס יאָר נייע ספּעציעלע וועלגערברעטער און וועלגערהעלצ-לעך. פאַר אַלע וועלגערינס ווערט צוגעגרייט, אויף קהלס חשבון, נייע, ווייסע שירצן א. א. וו. דער ווייץ פאַרן פּסח-דיקן מעל ווערט ספּעציעל אָפּגעקליבן, ווען מען נעמט עס אַראָפּ פון פעלד. דאָס ווערט באַזונדער געדראָשן, געמאָלן און אָפּגעהיט ביים באַקן, ווי גרויסע צדיקים היטן אָפּ זייערע שמורה-מצה...

דער עלטערער דור דאַוונט אַלע טאָג. און יעדן טאָג, אויסער זומערדיקע אַרבעטסצייט אויפן לאַנד, איז אין שול אַ מנין, צו קריאת-התורה, דאָס הייסט, מאָנטיק און דאָנער-שטיק, קלייבט זיך אויף אַ גרעסערער עולם; צו יאָרצייט

דאַווענט מען אין שול דריי מאָל, און דער בעל־יאָרצייט זאָגט קדיש — ווי ער עס קאָן: ווער אויף העברעאיש און ווער אויף רוסיש... אין דעם ענין עברי זענען די גרים אַביסל טעמפּלעך, און דעריבער דאַווענט דאָס רוב עולם אויף רוסיש. אָפט דאַווענט מען אפילו שבת ביים עמוד אויך אויף רוסיש, און אָנשטאָט אָמן קלינגט דאָרט שטענדיק דער קריסט־לעכער „אַמין"...

מיט גרויס הארצווייטיק רעדט פּאַוולאָוו פון דעם, וואָס דער עולם קאָן לחלוטין נישט לערנען, כמעט אַלע זענען גרויסע עמי־הארצים, דער גרעסטער טייל קאָן אפילו קיין עברי נישט, און וואָס זיי קאָנען אַלץ נישט באַווייזן איינצו־אָרדענען אַן אייגענעם חדר, נישט קוקנדיק דערויף, וואָס ער איז אַלט און שוואַך, קומט אים אַליין אויס צו דאַווענען ימים־נוראים ביים עמוד. וואָרום ער איז דער איינציקער וואָס קאָן גוט עברי און ווייס אפילו אַביסל פירוש המלות.

פּאַוולאָוו רעדט און דערציילט כמעט מיט באַגייסטערונג.

מיט גרויס פאַרדרוס און עגמת־נפש פאַרטרויט ער מיר אַן ענין, וועלכער שטעלט זיי שטענדיק אין גרויס פאַרלעגנ־הייט, — נעמלעך, וואָס זיי קאָנען בשום־אופן נישט לעזן די פראַגע פון ברכת־כהנים...

— צווישן אונז, — זאָגט פּאַוולאָוו — זענען דאָך קיין כהנים נישטאָ און קאָנען נישט זיין; מוזן מיר אָנקומען צו „אמתע" יידן, און דאָס איז נישט גאָר באַקוועם. נישט אַלע מאָל אפילו גיט עס זיך אונז איין צו באַקומען אַ כהן אויף ימים־נוראים. און ווידעראַמאָל קומט מיר אַליין אויס אָפּצו־ריכטן ברכת־כהנים און בענטשן דעם עולם. פון דעם בין איך אינגאַנצן צעבראָכן.

איך דערקלער פּאַוולאָוון ווי איך קאָן, אַז ברכת־כהנים איז שוין, אייגנטלעך, כמעט נאָר אַ מנהג־זאַך, אַן אָנדענקען, אַזוי ווי „איזהו" איז אַן אָנדענק צו אַמאָליקע קרבנות, און דעריבער איז נישט כדאַי זיך אַזוי צו ערגערן... אָבער ער באַנעמט עס כמעט נישט. די פראַגע בלייבט ביי אים ליגן

ווי אַ שטיין אויפן האַרצן, און ער באַקלאָגט זיך ווייטער:

— נאָך גרעסערע שוועריקייטן קומט אונז אויס אויס־צושטיין מיט אתרוג און לולב. דאָס מוזן מיר אויסשרייבן פון יידישן רוסלאַנד, און זייער אָפט פאַרשפעטיקט עס, אָדער עס קומט אָן אַזוינס, וואָס איז נישט ענלעך נישט אויף אַן אתרוג און נישט אויף אַ לולב; מיר מוזן זיך דאַן באַגנוגענען נאָר מיט הושענות, און דאָס פאַרשטערט אונז דעם שיינעם יום־טוב סוכות. מיט איין זאַך האָבן מיר זיך גוט איינגעאָרדנט — דאָס איז מיט תקיעות,—שופר בלאָזן קאָנען כמעט אַלע.

מיטאַמאָל רייסט פּאַוולאָוו איבער דעם שמועס און טוט אַ זאָג:

— מיין גאָט, איך בין אייך באַפאַלן מיט שמועסן. איך רעד אַראָפּ פון האַרצן, און האָב אייך אפילו מיט קיין גלאָז טיי נישט מכבד געווען. שיינע הכנסת אורחים! — און אַנטשול־דיקנדיק זיך, איז ער אַרויס פון צימער.

איך בין געבליבן זיצן אַליין. אַ באַהערשטער מיט אַ מאָדנעם רחמנות־געפיל צו דעם אַלטן נאַאיוון און טיף־גלוי־ביקן אליהו פּאַוולאָוו, וועלכער פּלאָגט זיך און ווערט געפיי־ניקט פון זיין רעליגיעזן געוויסן אין דעם ווייטן, פאַרוואָר־פענעם ווינקל. איך האָב אָבער פאַרשטאַנען, אַז דאָס גאַנצע ביסל יידישקייט פון די גרים איז אַן איבערפלעכלעכע, אַ צערעמאָניאַלע, און דעריבער איז זייער מנהיג, דער ראש־הקהל, פאַרנומען נאָר מיט פראַגן פון דעם מין, און עס איז נישט אַזוי טראַגיש.

אין עטלעכע מינוט אַרום איז פּאַוולאָוו ווידער אַריין אין צימער, און נאָך אים איז אַריין די אַלטע דבורה מיט אַ טאַץ, אויף וועלכער ס'זענען געשטאַנען צוויי גלאָז טיי. זי האָט מיך באַגריסט, געבעטן טיי טרינקען און איז אַוועק, נישט וועלנ־דיק שטערן אונזער שמועס, וועלכער איז אָן ספק זייער אַ וויכטיקער...

איך מוז באַמערקן, אַז די גרים באַציען זיך מיט גרויס דרך־ארץ צו „אמתע“ יידן, און דעריבער איז קלאָר, אַז אַלץ,

וואָס אַזעלכע יידן זאָגן בנוגע יידישקייט און יידישע „פּאָלי-טיק״, איז זייער וויכטיק...

— איך האָב אייך נאָך פיל צו דערציילן — האָט פּאַוו-לאָוו ווידער אָנגעהויבן. — איך האָב אייך נאָך פיל צו באַווייזן און פיל צו פרעגן, אָבער היינט איז שוין שפּעט. איר זענט פאַרמאַטערט פון וועג. לאָמיר עס לאָזן אויף מאָרגן...

— יאָ, — האָב איך געענטפערט, — איך וויל זיך באַקענען מיט אייער אַרט לעבן, וויאַזוי איר פירט אויס די אַלע יידי-שע מנהגים, לעבנדיק אין אַזאַ נישט-יידישער אומגעבונג; איך וויל באַקוקן אייער שול, אייער בית-עולם, איך וויל זיך באַ-קענען מיט אייער פנקס א. א. וו. וועט איר עס מיר אַלץ ווייזן? מיט אַלץ באַקענען?

— מיט פאַרגעניגן וועל איך אייך אַלץ ווייזן און מיט אַלץ באַקענען. אָבער היינט איז שוין שפּעט. איר באַדאַרפט אָפּרוען.

פּאַוולאָוו מאַכט אַ ברכה „שהכל״ און טרינקט זיין טיי. איך טו אים נאָך.

אָפּגעטרונקען טיי, הויב איך זיך אויף פון אָרט און זעגן זיך מיטן אַלטן ראש-הקהל.

— אַ גוטע נאַכט, ר׳ אליהו. הייסט עס, ביז מאָרגן?

— אַ גוט יאָר. גייט געזונטערהייט. מאָרגן פרי וועל איך קומען צו אייך, און מיר וועלן גיין באַקוקן אונזער יודינא.

— אַ גוט יאָר. הייסט עס, ביז מאָרגן.

די עכט-יידישע פיגור פון דעם געוועזענעם גוי פּאַוו-לאָוו, וועלכער שטאַמט פון טיף רוסלאַנד, האָט מיך אַ גאַנצע נאַכט צורו נישט געלאָזן.

— וואָס פאַר אַ גוואַלדיקע קראַפט מען דאַרף באַזיצן, ווי טיף גלויביק מען דאַרף זיין, אום צו קאָנען אַרויפשלעפּן אויף זיך דעם גאַנצן גלות-יאָך אין משך סך-הכל פון דריי דורות, בעת, למשל, אַ יידישער משומד בלייבט אַ ייד מיט אַלע פּיטשעווקעס אפילו אין צען דורות אַרום!...

מיט גרויס אומגעדולד, האָב איך זיך אויף מאָרגן ווידער געלאָזן צו אליהו פּאַוולאָוו.

דאָס מאָל האָב איך אים שוין געטראָפן אין דער היים. ער האָט אָנשטאָט זיך געשיקט אַ פאַרטרעטער אין קאָאָפּעראַטיווער קראָם, און אַליין איז ער געבליבן אין דער היים כּדי מיך אויפצונעמען.

---

## IV

וועד זיינען די גרים. זייער אָפּשטאַמונג. ווי אַזוי זיי זיינען פאַרוואָגלט געוואָרן אין יודינא. רעליגיעזע און סאָציאַלע פאַרפאָלגונגען.

אין יאָר 1920 האָט יודינא געפייערט אַ הונדערט יאָריקן יובילײ. דאָס דאָרף איז געגרינדעט געוואָרן אין די לעצטע יאָרן פון אַלעקסאַנדער דעם ערשטן, אין יאָר 1820.

די גרינדער פון יודינא זיינען געווען מגורשים פון וואָראָ־ניעזשער גובערניע, באָבראָווער אויעזד, פון דאָרף טשיגלא: אי־ליא ראָגאָוו, לוקיאַן קאָנטשאַקאָוו און יעמעליאַן דערעוויאַגין.

די אַלע זיינען פאַרפאָלגט און גע׳רודפ׳ט געוואָרן צוערשט אַלס סתם אפּיקורסים, ניט פרומע און ניט געהאָרכזאַמע קריסטן; שפּעטער — אַלס פריידענקער און פאַרשפּרייטער פון דער יידי־שער אמונה אין זייער דאָרף און געגנט; און ענדלעך האָט מען זיי שוין פאַרפאָלגט אַלס גרים.

דער ערשטער און הויפּט פּרעדיקער פון יידישן גלייבן צווישן זיי איז געווען אַנטאָן ראָגאָוו, דער פאָטער פון אויבנדער־מאָנטן איליא ראָגאָוו. פּרעדיקן האָט ער אָנגעהויבן ניט פון דעם, וואָס דער יידישער גלויבן איז דער בעסטער, נאָר פון דעם, וואָס אין קריסטנטום איז ניט אַלץ אין אָרדנונג; וואָס די מעשים גייען ניט האַנט אין האַנט מיטן געדאַנק, וואָס אָנשטאָט צו באַציען זיך מיט ליבע איינער צום צווייטן, לעבן נאָר מענטשן צווישן זיך ווי שונאים א. אַ. וו.

זיין פראָפּאַגאַנדע האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אין זיין דאָרף און געגנט. עס האָט זיך באַלד אויסגעטיילט אַ סעקטע (מאָלאָקאַנער), וועלכע האָט אַראָפּגענומען פון די ווענט די איקאָנעס (הייליקע בילדער), געעפנט אין געהיים אַ מאָליעלנא (בית תפילה), און האָבן זיך דאָרט גענומען צו שטודירן דאָס בוך, וואָס דער הייליקער סינאָד האָט אַרויסגעלאָזן אונטערן נאָמען: „ביבעל, אָדער דאָס בוך פון הייליקע שריפטן פון אַלטן און נייעם טעסטאַמענט". דאָס עוואַנגעליום (ברית חדשה) האָבן זיי אינגאַנצן פאַרלאָזן, און זיי האָבן אָנגעהויבן צו באַשאַפן זייערע אייגענע רעליגיעזע דינים ומנהגים. קיין פסל ותמונה (געצן און איקאָנעס) האָט זיך ביי זיי אין שטוב נישט געטאָרט געפינען; קיין פלייש פון אַ בהמה „אשר איננה מפריס פרסה" (אַ בהמה, וואָס אירע קאָפּיטעס זענען נישט געשפּאָלטן) האָבן זיי נישט געגעסן, קיין חזיר-פלייש אויך נישט, וכדומה. אין קריסטוסן, אַלס אַ גאָט, האָבן זיי נישט געגלויבט; אָבער זיי האָבן אים באַטראַכט אַלס אַ נביא און הייליקן מענטש. די אַפּאָסטאָלן (יעזוס קריסטוס צוועלף תלמידים), מיט די מנהגים און דינים, וואָס זיי האָבן באַשאַפן, האָבן זיי אינגאַנצן אָפּגעוואָרפן.

די גרונט-אידעע זייערע צו יענער צייט איז געווען: צו זוכן אַ באַשיידן לעבן, אַן אָפּגעזונדערטן פון צביעות און פאַלשקייטן, אַ באַפרייטן פון פאַרשימלטע מנהגים און פון אַבערגלויבישער געטלעכקייט...

דאָס גייסטיקע לעבן האָט דידאָזיקע סעקטע אָנגעפירט גאַנץ שטאַרק געהיים, כמעט אונטערערדיש. און דאָך האָבן זיך וועגן איר ברייט פאַרשפּרייט ידיעות און פאַרשידענע קלאַנגען. וואָס מער די פּראָפּאַגאַנדיסטישע אַרבעט פון דער סעקטע האָט זיך פאַרצווייגט, אַלץ ווייניקער האָט געהאָלפן דאָס געהיימקייט: די קלאַנגען האָבן זיך אַלץ מער פאַרשפּרייט. ביז זיי זענען דערגאַנגען צו „נאַטשאַלסטוואָ" (רעגירונגס-באַאַמטע), און מען האָט אָנגעהויבן די סעקטאַנטן אין דער שטיל נאָכצושפּיאָנירן און צו פאַרפאָלגן.

צוזאַמען מיט דעם, איז אין דער סעקטע גופא אָנגעגאַנגען אַן אינערלעכע, איינגעטיפטע אַרבעט; און גאָר איינגיכן האָט אַנטאָן ראָגאָוו, דער ערשטער פּראָפּאַגאַנדיסט פון יידישקייט, דערקלערט, אַז מאָלאָקאַניזם באַפרידיקט אים נישט. ער האָט אַ לענגערע צייט איינגעאָרדנט און געפירט ויכּוחים וועגן דעם ענין. און דער פּועל יוצא איז געווען, אַז אין צוויי אָדער דריי יאָר אַרום האָבן זיך די מאָלאָקאַנער פון דעם דאָרף טשיגלא און אומגעגנט דערקלערט אַלס יידן-גרים. אַ סך פון זיי האָבן זיך באַלד מל געווען; אַנדערע האָבן מורא געהאַט צו מאַכן אַזאַ שריט. נאָר אַלנפאַלס האָבן אפילו די נישט-געמלעטע אויך תּיכּף אָנגעהויבן איינצואָרדענען זייער לעבן אויפן יידישן שטייגער.

פון דעם מאָמענט אָן האָט זיך אָנגעהויבן אויף די טשיגלער „אפּיקורסים" אַ סדרה פון מוראדיקע רדיפות, וועלכע זענען פאַרענדיקט געוואָרן מיט אַן אַלגעמיינעם גירוש, — מען האָט אַרויסגעשיקט, אָדער ריכטיקער געזאָגט, פאַרשיקט דעם גאַנצן דאָרף טשיגלא אין די יאַקוטסקער טונדרעס.

נאָר פריער האָט מען זיי שטאַרק געפּייניקט. קודם כּל האָט מען אָפּגענומען בײַ זיי די קינדער. דאַן האָט מען יעדן פאָטער, יעדע מוטער מאָראַליש געפּרוווט צווינגען, זיי זאָלן בלייבן צוליב די קינדער. און דאָס האָט געהייסן: אָפּזאָגן זיך פון דעם נייעם גלויבן. דאָס האָט אָבער נישט געהאָלפן, און די עלטערן זענען אַוועק אין די ווילד-ווילדסטע טונדרעס. דאַן האָט מען זיך גענומען צו די פאַרבליבענע קינדער: מען האָט זיי געמוסרט, געווירקט מיט פאַרשידענע מיטלען, כּדי אומצוקערן זיי צוריק צום פּראַוואָסלאַוונעם גלויבן, נאָר ווען זיי זענען אונטערגעוואַקסן, זענען זיי אַליין אַוועק אין דער וועלט זוכן זייערע עלטערן. אייניקע האָבן געפונען זייערע עלטערן, אַנדערע נישט; אָבער סוף-כּל-סוף זענען זיי אַלע, אָן אויסנאַם, געוואָרן יידן.

אין די יאַקוטסקער טונדרעס האָט מען די פאַרשיקטע אָנגעטאָן די גרעסטע יסורים: מען האָט זיי אויפן מיטלאַל-

טערלעכן שטייגער פאַרשידנאַרטיק געפּייניקט, געפאָדערט, זיי זאָלן צוריק ווערן קריסטן. נאָר קיין זאַך האָט נישט געהאָלפן,—זיי זענען אַלע געבליבן יידן. אַנטאָן ראָגאָוו און לוקיאַן קאָנטשאַקאָוו זענען פאַר זייער יידישקייט בוכשטעבלעך פאַרפוילט געוואָרן אין יאַקוטסקער טורמע, ווייט פון זייערע קינדער, ווייט פון זייערע פריינד און קרובים.

מאַקסים פּאַוולאָוו, וועלכן ס׳האָט זיך איינגעגעבן ביי דער פאַרשיקונג מיטצונעמען בגנבה די קינדער, האָט מען אין יאַקוטסק פאַר אַזאַ „פאַרברעכן" אַ לענגערע צייט געפּייניקט, און לסוף האָט מען אים אָפּגעריסן פון די קינדער און פאַרשיקט קיין טורוכאַנסק, ווו ער איז געשטאָרבן.

דער רב און שוחט פון יודינא, אליהו ב"ר אליעזר פּאַוולאָוו, מיט וועלכן איך האָב זיך עס געשטעלט אין פאַרבינדונג, איז געווען אַן אייניקל פון דעם דערמאָנטן מאַקסים פּאַוולאָוו.

היבשע עטלעכע יאָר האָט מען דאָרט אין די חושכדיקע טונדרעס געפּלאָגט און געפּייניקט די „פרעכע אפּיקורסים"; מען האָט אַלע כּוחות און מיטלען אָנגעווענדט, כּדי אומצוקערן די „פאַרבלאָנדזשעטע" צוריק אויפן דרך-הישר. נאָר סוף-כּל-סוף איז די פאַרפאָלגער מיאוס געוואָרן די מלאכה, און די ענויים זענען געוואָרן שוואַכער; די פאַרשיקטע האָבן אפילו אָנגעהויבן באַקומען אַ מעגלעכקייט אַרומצופאָרן אין געוויסע גרענעצן, און ביסלעכווייז האָבן זיי אָנגעהויבן אויסצוּוואַנדערן פון די יאַקוטסקער טונדרעס אין מינוסינסקער געגנט.

אין יאָר 1820 האָט אַ גרופּע פון צען אָנגעקומענע גרים-פאַמיליעס און עטלעכע פאַרשיקטע אין מינוסינסקער געגנט מאַלאָקאַנער געגרינדעט דאָס דאָרף יודינא.

צו יענער צייט האָט עקזיסטירט אַ רעגירונגס-פאַראָרדענונג, אַז ווער עס האָט זיך נאָר געוואָלט באַזעצן אין יענער געגנט, האָט באַקומען אומזיסט פופצן דעסיאַטין (אַרום 40 אַקער) ערד. אויך וואַלד אויף בויען פלעגט געגעבן ווערן אומזיסט. דאָס אַלץ איז געטון געוואָרן, כּדי די געגנט זאָל

באַפּעלקערט ווערן. דאָס האָט אויך מיטגעהאָלפן, אַז אין משך פון עטלעכע יאָר, האָבן ביסלעכווייז אָנגעהויבן אייַנצוואַנדערן קיין יודינא נאָך פאַמיליעס פון די אויבנדערמאָנטע יאַקוטס־קער גרים, און פיל פון די פאַרשפּרייטע איבער מינוסינסקער געגנט, מאָלאָקאַנער, ביז עס איז געוואָרן אַ גרויס דאָרף, וועל־כעס מען האָט, צוליב דער יידישער באַפעלקערונג, אַ נאָמען געגעבן „יודינא״.

עד היום טיילט זיך יודינא אויף צוויי טיילן: יידישער טייל און מאָלאָקאַנישער.

אָבער אויך דאָ האָט מען די גרים נישט געלאָזט רויק לעבן.

צוליב רעליגיעזע טעמים און פּראָפּאַגאַנדע־געפאַר, איז געווען פאַרבאָטן פאַרשיקטע יידן צו באַזעצן זיך אין מינו־סינסקער געגנט. גאַנץ פאַרשטענדלעך, אַז דאָס אָנקומען פון די גרים, האָט אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף די אָרטיקע צאַרישע באַאַמטע, און מען האָט זיך דאָ גענומען צו רודפן די גרים.

צוערשט איז די געגנט פאַרפלייצט געוואָרן פון מיסיאָ־נערן. מחנות־ווייז זענען זיי אַהין געשיקט געוואָרן, כּדי „מחזיר למוטב״ זיין די פאַרפירטע און פאַרבלאָנדזשעטע. די מיסיאָ־נערן האָבן געמוסרט די גרים, געפירט מיט זיי דיסקוסיעס, נאָר עס האָט נישט געהאָלפן.

דער אַלטער שטאָט־גלח פון מינוסינסקער קאַטעדראַל (הויפּט־קירכע), וואַלאַדימיר קוזמין (אַ „קאַדעט״, האָט אַרויס־געגעבן אין 1916 יאָר אַ ליבעראַלע צייטונג „טרוד״), האָט מיר דערציילט, אַז זיין פאָטער איז געווען באַשטימט אַלס משגיח און מיסיאָנער צו די גרים. און אַז אפילו אים אַליין איז נאָך אויסגעקומען צו „באַשעפטיקן״ זיך מיט השגחה אי־בער די יודינער... נאָר די רעזולטאַטן זענען געווען שטענדיק היפּוכדיקע פון די, וועלכע מען האָט געוואָלט און דער־וואַרט...

דאַן האָט מען די גרים אָנגעהויבן אכזריותדיק צו פאַר־פאָלגן: זיי איז פאַרבאָטן געוואָרן צו האַלטן רוסישע דינער

און דינסטן; מען האָט שפּיאָנירט, זיי זאָלן זיך, חס־ושלום, נישט דערוועגן צו פאַרזאַמלען צוליב רעליגיעזע צוועקן, א. א. וו.

אין די זעכציקער יאָרן האָבן די רדיפות אָנגענומען אַזאַ אומגעלומפּערטע פאָרם, אַז דאָס לעבן איז געוואָרן אומדערטרעגלעך. אַזוי, למשל, האָט מען שוחטים געשמידט אין קייטן און אַרויסגעשיקט פון יודינא; יעדער קריסט, וואָס האָט זיך פאַרגינען אַ לוקסוס, צו זיין אין נאָענטן פאַרקער מיט די גרים, איז באַשטראָפט געוואָרן אויפן שטרענגסטן אופן א. א. וו.

אונטער אַזאַ לאָסט און יאָך, האָבן זיך די מינוסינסקער גרים געפּלאָגט אַ סך יאָרן. ערשט נאָך דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע (1905), זענען זיי אַביסל רעליגיעז באַפרייט און זעלבסטשטענדיק געוואָרן.

▪▪▪▪▪▪▪▪▪▪▪▪

## V

דוד באָנדאַריאָוו. זיין לעבן און ווירקן אויף דער גרימשער באַפעלקערונג פון יודינא.

אין די זיבעציקער יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, איז קיין יודינא אָנגעקומען אַ פאַרשיקטער פון קאַווקאַז, פון דאָרף מיכאַילאָווסקאָיע, אַ גר, טימאָפיי מיכאַילאָוויטש באָנדאַריאָוו. זיין יידישער נאָמען איז געווען דוד ב״ר אברהם.

אין דער אַנטוויקלונג פון יודינא, סיי אין מאָראַלישן און סיי אין קולטורעלן און מאַטעריעלן זין, האָט דוד באָנדאַריאָוו געשפּילט זייער אַ גרויסע און וויכטיקע ראָלע.

דוד ב״ר אברהם באָנדאַריאָוו איז געווען אין דער נאַטור אַ גרויסער מאָראַליסט. זיין וועלט־אָנשויאונג איז געווען אַ רעליגיעזע, ער האָט כסדר געפּריידיקט ריינע אמונה, סאָציאַלע גערעכטיקייט, ליבע צום צווייטן, וכדומה. ביז ער איז אַ ייד געוואָרן, איז זיין באַשעפטיקונג אויך געווען אַ רעליגיעזע:

ער איז געווען אַ פּאַנאַמאַר (וואָס קלינגט אין די קלויסטער גלאָקן און העלפט דעם גלח בעת די תּפילות). און דווקא דאָס האָט אים אָפּגעשטויסן פון קריסטנטום. די מיאוסע מעשים און די פּרינציפּנלאָזע אויפפירונג פון זיין גלח, ביי וועלכן ער האָט געדינט אַלס געהילף, האָבן דערוועקט ביי אים אַ צווייפל, וועלכער האָט אים סוף-כּל-סוף געבראַכט דערצו, אַז ער האָט זיך מגיר געווען.

אין דאָרף מיכאַילאָווסקאַיאַ האָבן געוווינט צוויי יידישע פאַמיליעס, קאַווקאַזער בערג-יידן, קרעמער, וועלכע זענען גע-ווען זייער פרום און האָבן שטרענג אָפּגעהיט שבת און יום-טוב. באַנדאַריאָוון האָבן שטאַרק פאַראינטערעסירט די יידישע מנהגים. האָט ער זיך אָנגעהויבן נעענטער צוצוקוקן צו זיי, און כּדי צו דערקונדיקן זיך, ווי שטאַרק די יידן זענען אין זייער אמונה, האָט ער אפילו געפּרוּווט זיי אונטערשטעלן אַ פּיסל, זיי זאָלן באַגיין אַן עבירה: ער האָט ביי זיי בכיוון עטלעכע מאָל געוואָלט קויפן סחורה אום שבת און צאָלן טייערע מקחים, נאָר די יידן האָבן זיך בשום אופן נישט גע-לאָזט איבעררעדן...

דאָס שטאַרקייט פון די יידישע קרעמער אין זייער גלויבן, האָט געמאַכט אויף דעם פּאַרספּעקטן באַנדאַריאָוו אַ שטאַרקן רושם. די אויפפירונג פון די יידן אין פאַרגלייך מיט די מיאוסע מעשים פון זיין גלח, האָט אים געשטויסן צו פאַר-פירן אַ מחלוקה מיט אים. ער האָט אים אויפגעוואָרפן זיינע מיאוסע מעשים, האָט אים אָנגעוויזן אויף זיינע פּרינציפּנלאָזע אויפפירונגען, און האָט געשטעלט שאלות, ווי למשל: פאַר-וואָס, אַנטקעגנדיק דעם הייליקן דין „לא תעשה לך פסל וכל תמונה" (מאַך זיך נישט קיין בילד און קיין געשטאַלט אויף צו בוקן זיך), בוקט ער זיך און נויגט זיך פאַר בילדער, פאַר איקאָנעס וכדומה?

דער גלח האָט זיך באַמיט צו ענטפערן אויף די פראַגן, אָבער די ענטפערס האָבן באַנדאַריאָוון נישט באַפרידיקט, און ביסלעכווייז האָט ער זיך אָנגעהויבן צו דערווייטערן פון

קלויסטער, פון גלח, פון קריסטלעכן גלויבן—ביז ער האָט זיך סוף-כל-סוף מגייר געווען.

מגייר געווען האָט ער זיך צו פערציק יאָר. ער האָט זיך תיכּף געלאָזט מל זיין. און ווען ער איז געזונט געוואָרן נאָך דער אָפּעראַציע, איז ער מיט זיין גאַנצער פאַמיליע אַרויסגעשיקט געוואָרן פון מיכאַילאָווסקאַיאַ און באַזעצט געוואָרן אין דאָרף יודינא.

אָנקומענדיק אין אַן אומגעגנט פון גרים, האָט באָנדאַריאָוו זיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט געווענדט אויף דעם, אַז זיינע רעליגיעזע חברים זאָלן פירן אַ באַשיידן לעבן: ער האָט געפאָדערט, אַז דער איבערגאַנג צו אַ נייעם גלויבן, זאָל זיך אַרויסווייזן נישט אַזוי אין אויסערלעכע פאָרמען, ווי אין אינערלעכן לעבן: מען מוז אַרבעטן און אַרבעטן ערלעך; מען טאָר קיין הנאה נישט האָבן פון צווייטנס פּראַצע, פון יענעמס האָב און גוטס, א. א. וו.

אָן אויפהער האָט ער געאַרבעט אויף דעמדאָזיקן געביט, און זיין טרחה איז געווען נישט אומזיסט: זיין איינפלוס אויף דער גרימשער באַפעלקערונג, איז געוואָרן זייער גרויס, און דאָס לעבן און אויפפירונג פון די גרים, האָט געשמט אין גאַנצן געגנט.

באַשעפטיקט האָט זיך באָנדאַריאָוו, ווי אַלע איבעריקע גרים, מיט ערד-אַרבעט. געבילדעט איז ער געווען ווייניק, און דעריבער האָט ער יעדע פרייע מינוט פאַרווענדט אויף צו לערנען זיך, צו לייענען ביכער, וואָס איז אים, אגב, נישט גרינג אָנגעקומען די ערשטע צייט. נאָר באַזיצנדיק גרויסע פעיקייטן, ביי אַ שטאַרקער התמדה און אייזערנעם ווילן, האָט באָנדאַריאָוו לייכט באַזיגט אַלע שוועריקייטן, און סוף-כל-סוף האָט ער אַליין אָנגעהויבן צו שרייבן חבורים. איבערהויפּט האָט ער געשריבן גאַנצע אָפּהאַנדלונגען איבער פראַגן פון מאָראַל.

באָנדאַריאָוו האָט פאַר דער צייט פון זיין לעבן אין

יודינא, פון וואַנען ער איז כמעט נישט אַרויסגעפאָרן, אָנגע-
שריבן פיל ספרים אויף פאַרשידענע טעמעס.

מאַריאַ קאָראָליאָוואַ *) געדענקט פאָלגנדיקע ביכער, וואָס
זענען אַרויס פון אונטער באָנדאַריאָווס פעדער: „אַרבעט, ליי-
דיקגייער און פאַראַזיטיזם", „קין און הבל, אַלס פראַגע פון
אמת און שקר"; אַ גרויס בוך „וועגן ל. נ. טאָלסטאָי", אין
וועלכן דער מחבר דעקט-אויף דעם ווידערשפרוך צווישן
טאָלסטאָיס ווערק איבער מאָראַל און זיין אייגן אַרט לעבן.
און ער רופט אים דייטלעך אָן צבועק און ליגנער... און
נאָך פיל אַנדערע ספרים, פון וועלכע זי געדענקט נישט די
נעמען.

אַ טייל פון זיינע חבורים זענען געוואָרן אָפּגעדרוקט, נאָר
זענען תיכף פאַרהאַלטן געוואָרן לויטן באַפעל פון דאַמאָלסדי-
קע צענזורן; דאָס בוך „וועגן ל. נ. טאָלסטאָי" האָט מען
פאַרברענט; אַ טייל פון זיינע חבורים זענען געבליבן אין
מאַנוסקריפטן.

אַלע זיינע איבערגעבליבענע כתבים, ווי אויך אַלע בריוו,
וואָס ער האָט פאַר זיין לעבן באַקומען פון פאַרשידענע געלערנ-
טע מענטשן (ל. נ. טאָלסטאָי, למשל, האָט מיט אים אַ לאַנגע
צייט קאָרעספּאָנדירט, האָט אים געדאַנקט פאַר זיין ווערק וועגן
אים, וואָס עס האָט זיך אים איינגעגעבן דורכצולייענען, איידער
מען האָט עס פאַרברענט; האָט זייער שטאַרק געלויבט זיין
בוך „אַרבעט, ליידיקגייער און פאַראַזיטיזם" א. א. וו.), זענען
געבליבן בירושה ביי זיין עלטערן זון יעקב באָנדאַריאָוו. אַ
טייל פון די כתבים, דערציילט דער זון, האָט ביי אים אין
1911—12 יאָר צוגענומען איינער יאַקאָוולעוו (עס האַנדלט זיך
וועגן אַ געוויסן געאָלאָג, פּראָפעסאָר יאַקאָוולעוו, דעם אויס-
פאָרשער פון אַלטאַי און מזרח-דרום-טייל פון סיביר—מינוסינ-
סקער געגנט), וועלכער איז דאָרט דורכגעפאָרן, כדי אַוועקצו-
פירן עס קיין פעטערבורג. ווו די כתבים זענען נעלם גע-

*) מאַריאַ קאָראָליאָוואַ—אַ אינטעליגענטע פרוי, אַ מאַלאָקאַנערין.

וואָרן—ווייס מען נישט. וועגן די איבעריקע כתבים, האָט דער זון אין זיין צוואה פאַראָרדנט, אַז נאָך זיין טויט זאָל עס אַלץ פאַרעפנטלעכט ווערן.

אויף דער עלטער האָט דוד באָנדאַריאָוו אַליין אָנגע־הויבן צוגרייטן אַ מצבה פאַר זיך און פאַר זיין ווייב. אויף דערדאָזיקער מצבה, וועלכע ווערט נאָך עד היום באַוואַכט און אָפּגעהיט ווי אַ הייליקייט, האָט זיך באָנדאַריאָוו באַנוצט מיט די לעגענדעס וועגן קורגאַן־שטיינער.

קאָיבאַלער סטעפּ איז פאַרפלייצט מיט ריזיקע מצבות־שטיינער, שפּורן פון אַמאָליקן ישוב אָדער בית־עולמס (קורגאַ־נעס). ווי די טאָטערישע לעגענדע דערציילט, זענען דאָס דענקמעלער פון די ברידערלעכע קברים אין דער צייט פון די גרויסע מלחמות, ווען די אַבאַקאַנער און קאַטשינער טאָ־טערן פלעגן זיך אַרומצוימען מיט שטיינער און זיך לעבעדי־קערהייט באַגראָבן, כדי נישט אַריינצופאַלן אין זיגערס הענט.

אָט פון די קורגאַנעס האָט באָנדאַריאָוו אויסגעקליבן הויכע, ברייטע שטיינער פאַר אַ מצבה, און האָט אַליין געקריצט אויף דעם אויפשריפטן.

די מצבות, וועלכע זענען שוין אַלט און טיילווייז אָפּגע־מעקט, פאַרנעמען אַרום די קברים (דוד באָנדאַריאָוו איז נקבר געוואָרן נעבן זיין פרוי, וועלכע איז געשטאָרבן מיט צוויי יאָר פריער פאַר אים), אַ שטח פון צען אַרשין, אין דער הויך—צוויי מיט אַ האַלבן אַרשין. זיי זענען אינגאַנצן באַדעקט מיט אויפשריפטן, וועלכע אַנטהאַלטן לעבנס־כללים, וויאַזוי מען דאַרף זיך אויפפירן בין אדם למקום און דערעיקר—בין אדם לחברו.

אין יודינא הייסן די מצבות עד היום: „באָנדאַריאָווס עשרת הדברות". יעקב באָנדאַריאָוו, דער עלטסטער זון פון דודן, איז אין יודינא אַ חשובער באַלעבאָס: מען קלייבט זיך צו אים צונויף וועגן קהלשע ענינים, וועגן תורה און עבודה־אָנגעלעגנהייטן. נאָר דערהויפּט איז ער חשוב צוליב דעם זכרון פון זיין פאָטער.

## VI

**באַשעפטיקונג פון די גרים. זייער עקאָנאָמישע און סאָציאַלע לאַגע. זייער אַרט לעבן. זייער ייִדישקייט. דער בית־מדרש.**

געאָגראַפיש ליגט יודינא אין מזרח־דרום־טייל פון סי־ביר, אַכט־ניין הונדערט וויאָרסט פון קראַסנאָיאַרסק, און צוויי הונדערט וויאָרסט פון מינוסינסק. זי ליגט אינמיטן דער קאַי־באַלער סטעפּ, וועלכע איז באַצוימט מיט די דרומדיקע בערג־שפּיצן פון די אַלטאַי־בערג פון איין זייט, פון דער אַנדע־רער — מיט די ריזיקע פעלזן פון די סאַיאַנען־בערג, וועלכע קומען זיך צונויף ביים צוזאַמענגוס פון די צוויי ריזיקע טייכן יעניסעי און אַבאַקאַן.

ווי איך האָב שוין פריער געזאָגט, פאַרנעמט דער קאַי־באַלער סטעפּ אַ שטח פון פערציק טויזנט קוואַדראַט (סקווער) וויאָרסט, זי איז די קרוין און ברויט־געבערין נישט נאָר פאַר מינוסינסקער געגנט, נאָר אויך פאַר אַ גרויסן טייל אייראָפּע. און דאָס דאָרף יודינא פאַרנעמט נישט קיין קליינעם אָרט אין דער ברויט־געבעריי: יודינא פאַרקויפט יערלעך ביז 3—4 מיליאָן פוד ווייץ און אַנדערע תבואות, וועלכע זענען באַוווסט פאַר די בעסטע אין געגנט.

עקאָנאָמיש איז יודינא פאַרבונדן פון איין זייט מיט די „אינאָראָדצעס”—טאָטערן פון פאַרשידענע שבטים און שטאַמען (קאַטשינצעס, מאַטורצעס, אַבאַקאַנער א. א.), וועלכע פאַרנע־מען מיט זייערע אולוסן (דערפער) און יורטעס (הייזקעס, וועל־כע זענען גיכער ביידלעך), די גאַנצע לינקע טייל און טייל־ווייז אויך די רעכטע זייט פון די טייכן אַבאַקאַן, טאַשטיפּ, יעס און מאַטור. און פון דער אַנדערער זייט קומט יודינא אין פאַרבינדונג מיט קאָזאַקן—טיילווייז איינגעבוירענע סיביריאַ־קעס, און טיילווייז אַסימילירטע פאַרשיקטע.

די „אינאָראָדצעס” (די נישט־רוסן), באַאַרבעטן ערד זייער ווייניק. איבערהויפּט זענען זיי יעגער און פי־ציכטער. אַ גרוי־

סער טייל פון די אַבאַקאַנער טאַטערן באַזיצט גוואַלדיק גרויסע מחנות פערד, בהמות, שאָף און פי, וועלכע זיי פאַרקויפן און בייטן אויף ברויט, טיי, צוקער, מאַנופאַקטור-סחורות, אַלערליי-קאָלירטן סאַמעט — דער ליבלינג פון דער טאַטערישער יום-טוב-קליידונג—און פאַרשידענע פאַרצעלייענע כלים.

צוליב דעם, וואָס די „אינאָראָדצעס" זענען אָפּגעזונדערט פון דער גרויסער וועלט, און צוליב זייער נאַענטקייט צו די גרים, רעדן די גרים גוט טאַטעריש. און דאָס האָט מיטגעבראַכט, אַז דער גאַנצער מסחר מיט די טאַטערן ליגט ביי די גרים אין די הענט. אַ חוץ פי, שאָף און פערד, קויפן די גרים אויף ביי די טאַטערישע יעגערן גרויסע מאַסן בערישע, וועלפישע און הירשענע פעל, רויע און געטריקנטע מאַראַלןהערנער, פייענע פעלצלעך, טכוירן, סאָיבל וכדומה.

בכלל זענען די גרים זייער רייך. דער גרעסטער טייל פון זיי האָבן פיל ערד אויף זאַאימקעס (פעלדער, ווייט פונם דאָרף), אַלע אַנדערע האָבן, ווי די איבעריקע סיבירער פויערים, צו פופצן דעסיאַטין (איבער 40 אַקער), אויף אַ מענטשן, און, ווי געזאָגט, האָבן זיי פיל ברויט צו פאַרקויפן. אין הארבסט פאָרן אָן קיין יודינא ברויטהענדלער פון אירקוטסק, וולאַדיוואָסטאָק און אפילו פון כארבין. ווי עס קומט אָן דער ווינטער, הויבט זיך אָן דער פעל- און פי-מסחר מיט די טאָטערן. אַ חוץ דעם ווערן אום ווינטער אָנגעפּאַרטיקט אין יודינא גרויסע קוואַנטומס ווייצענע סוכאַרעס און געטריקנטע פלייש, וועלכע ווערן פאַרקויפט אין אָנהויב פרילינג.

קיין אָרעמעלייט זענען צווישן די גרים נישטאָ.

לויט דער סטאַטיסטיק, האָבן זיך אין יאָר 1916 געפונען אין יודינא צוויי טויזנט זיבנהונדערט עטלעכע און אַכציק יידישע נפשות אין עלטער איבער אַכט יאָר. לויט דעם אויסערלעכן אויסזען, זענען די גרים אייגנטלעך פּראָסטע פויערים. דער יונגער דור, וועלכער איז נישט שטאַרק פרום, איז כמעט אינגאַנצן אַסימילירט סיבירישי. אַלע זענען זיי ערד-אַרבעטער, רעכענען זיך אַלס פויערים מיט אַלע פויערישע רעכט און

פליכטן, זענען אַלע צוגעשריבן צו יודינער וואָלאָסט, און בנוגע דער אָפיציעל־געזעצלעכער זייט פון זייער לעבן, זענען זיי פאַר־בונדן מיטן וואָלאָסט צוזאַמען מיט די מאָלאָקאַנער; אויף אַלע אַנדערע געביטן זענען זיי לחלוטין אויטאָנאָמיש: זיי האָבן זייע־רע אייגענע קהלה, אַן אייגענעם אָפיציעלן פנקס, אין וועלכן ווערן פאַרשריבן אַלע געבוירענע און געשטאָרבענע, א. א. וו. אין רעליגיע־ענינים זענען זיי די לעצטע יאָרן פולקאָם אומ־אָפהענגיק און זענען פריי צו טון אויף דעם געביט אַלץ וואָס זיי ווילן, אָפן און אָפיציעל. זיי האָבן זייער ראש הקהלה, רב, שוחטים, שמשים.

די פרייהייט האָבן זיי באַקומען נאָך דער ערשטער רו־סישער רעוואָלוציע פון יאָר 1905. נאָך דעם רעוואָלוציע־שטראָם, ווען דער צאַרישער רעזשים איז געצוווּנגען געווען רופן צו טעטיקייט ליבעראַלע מענטשן, איז פירשט אורוסאָוו געווען באַשטימט אַלס געהילף פון אינערן־מיניסטער. און נאָך לאַנגער השתדלות מצד די יודינער גרים, האָט זיי אורוסאָוו דערלויבט צו בויען אַ בית־המדרש, און האָט צוזאַמען מיט דעם אָנערקענט זיי אַלס יידן, און געגעבן זיי די מעגלעכקייט פריי אויפצופירן זיך ווי יידן.

* *

*

איך האָב זיך אַזוי פאַראינטערעסירט מיט דער גרים־גע־שיכטע, וואָס פּאַוולאָוו האָט דערציילט; פּאַוולאָוו אַליין האָט זיך אַזוי פאַרטיפט אין זכרונות, אַז מיר האָבן גאָרנישט באַ־מערקט, ווי עס איז שוין געוואָרן ווייט נאָך האַלבן טאָג. פּאַוולאָוו לייגט מיר פאָר עפעס צובייסן.

איך פאָלג אים.

אָפגעפּראַוועט דעם פרישטיק, לאָזן מיר זיך אין גאַס אַריין.

עס איז אונז אויסגעקומען צו גיין פאַרביי דעם בית־המדרש, און פּאַוולאָוו האָט נישט געקאָנט בייַשטיין דעם נסיון

נישט צו ווייזן מיר תיכף זייער יידישע קרוין און גרויסקייט— די שול.

אַ הויכער, שיינער בנין, מיט גרויסע שפּיגל-פענסטער צום מזרח, מיט צוויי רייען פענסטער אַרום און אַרום, מיט אַ ברייטן אַריינגאַנג, איבער וועלכן עס גלאַנצן די גאָלדענע אותיות „ברוך אתּה בבואך". שטייט דער בית-מדרש אויף אַ היכן באַזונדערן פּלאַץ, אַרומגערינגלט מיט אַ גרויסן בלומען-גאָרטן און זעט אויס, ווי אַ מאָדעל פון לייוונט אַראָפּגענומען.

ווי ווייט די יודינער גרים (און אפשר זענען אַלע גרים אַזוי...) לעכצן נאָכן אַלטן יידישן שטייגער, ווי ווייט זיי שטרעבן צו זיין אינגאַנצן „ווי אַלע יידן", מיט וואָס פאַר אַ רעספּעקט און כבוד זיי באַציען זיך צו „אמתע" יידן—איז צו באַמערקן פון זייער בית-מדרש: מיט וואָס פאַר אַ ליבע ער איז געבויט, מיט וואָס פאַר אַן אויפמערקזאַמקייט עס זענען אויסגעפילט געוואָרן אַלע איינצלהייטן אין בית-מדרש גופא: פון אָרון-קודש און מיטל-בענק ביז די הערלעך-געפּאַסטע מזוזות און דעם כּיור ביים טיר.

צוויי יאָר—פון 1909 ביז 1911—האָט מען דעם בית-מדרש געבויט.

דער אָרון-קודש מיט געשניצטע טירן, כּרובים און אַ כּתר-תּורה פון אויבן, שטייט אין אַ נישע (פּאַרטיפונג) צווישן די שפּיגל-פענסטער. און צו אים פירט אַ שיינע טראַפּע מיט ברייטע, פלאַכע טרעפּ און געטאָקטע פּאַרענטשן; אויף די טירן — אַ טונקעלער פּרוכת, כּפּורת מיט זילבער באַפּוצט, אינ-מיטן בית-מדרש אַ קיילעכדיקע בימה מיט געשניצטע שטאַ-כעטן: אויף דער בימה שטייט אַן אַלמער-טישל, באַדעקט מיט אַ זיידן טישטוך מיט אַ גאָלדענעם מגן-דוד אינמיטן. אין הינ-טערוואַנט, פון איין זייט אַריינגאַנגס-טיר—אַ שאַנק מיט ספרים: סידורים, מחזורים, סליחות, חומשים—אַלץ איבערזעצט אויף רו-סיש. פון דער אַנדערער זייט טיר — אַ מעשענער כּיור, און איבער אים הענגט אויף אַ פּאַרמעט אַ געשריבענער „אשר יצר". דער גאַנצער בית-מדרש איז איינגעשטעלט מיט מיטל-בענק

און שטענדערס; אין יעדן שטענדער ליגט אַ טלית ותפילין מיט אַ סידור. דורכקוקנדיק די שטענדערס, סדורים, קאָנט איר שוין באַלד וויסן, ווער עס קאָן עברי, און ווער עס דאַוונט אויף רוסיש... די ווענט זענען באַהאָנגען מיט „במה מדליקין", „אב הרחמים", „בריך שמיה", „ברכת החודש", „קידוש", „הבדלה", אַלץ אויף פאַרמעט געשריבן און אין ראַמען געפאַסט. נעבן טיר, אויף אַ ספּעציעל צוגעפּאַסט ברעטל, הענגט אַ צעטל פון די בעלי-חובות פאַר עליות. איך האָב געפונען פאָלגנדיקע רשימה אין רוסיש: אָט יעפימא סעמיאָנאָוויטשאַ אַנאַניעווא סליעדועט זאַ רעוויאי פאַרשע טרומאַ סאָראָק קאָפּיעק (פון יע-פים סעמיאָנאָוויטש אַנאַניעוו קומט פאַר רביעי פרשת תרומה—40 קאָפּיקעס); אָט יאַקאָווא אַניקינאַ זאַ מאַפטיר—80 קאָפּיעק (פון יעקב אניקין קומט פאַר מפטיר—80 קאָפּיקעס) א. א. וו. איך האָב נישט ווילנדיק אָנגעהויבן צו לאַכן... נאָר כ'האָב זיך באַלד אָפּגעהאַלטן.

אין אָרון-קודש שטייען פיר ספרי-תורות—איינע אַן אַלטע און דריי נייע, געבראַכטע פון ווילנע, בעת דער בית-מדרש איז אויסגעבויט געוואָרן.

פון איין זייט ביים אַריינגאַנג איז אַ גאַלעריע פאַר פרויען, און פון דער אַנדערער — אַ וווינונג פאַרן שמש און משגיח, וועלכער פירט די גאַנצע באַלעבאַטישקייט פון בית-מדרש, דעם פנקס א. א. וו.

▪▪▪▪▪▪▪▪▪▪▪▪

## VII

דאָס אויסזען פון די גרים. די צניעותדיקע פרויען. זייער שחיטה. צדקה. דער בית-עולם.

פאַוולאָוו האָט צוגעגרייט פאַר מיר באַזונדער אַ ספּעציע-לע איבעראַשונג. ער האָט פאַראָרדנט, אַז דער שוחט יעקב ב"ר חנניה אָניקין, וועלכער אַרבעט אונטער זיין השגחה, זאָל

צוליב מיר, אין מיין געגנוואַרט, שעכטן אַ בהמה, כדי איך זאָל זען די גאַנצע פּראָצעדור פון שחיטה ובדיקה, ווי זיי מאַכן עס דורך. די גרים זענען איבערצייגט, אַז אַן „אמתער" ייד ווייס די אַלע זאַכן, און דעריבער האָט עס פּאַוולאָוו צוגעגרייט פאַר מיר דעמדאָזיקן כבוד; און איידער מיר זענען אַוועק אַהיים, האָט ער מיך פון שול גלייך אַהינגעפירט. אויפן הויף, ווו מען האָט געדאַרפט שעכטן די בהמה, האָבן זיך פאַרזאַמלט אַן עדה זקנים צו זען דעם אמתן יידן, אים שלום עליכם געבן, ביי־זיין די כבוד שחיטה—און יעקב אניקין האָט געוויזן, וואָס ער קען...

פלייש פאַר דער יידישער יודינא ווערט פאַרטיילט דורך אניקינען, אַנדער פלייש איז פאַרבאָטן משום חשש טרפה...

פון דעם „יידישן" שעכט־הויז זענען מיר אַוועק צו פּאַוו־לאָוון אַהיים. און ר' אליהו בעט מיך צום טיש עפּעס עסן, טרינקען.

צום טיש גייט צו גאָר יידישלעך... פּאַוולאָוו וואַשט די הענט מיט אַ קופּערנעם קענדל, זאָגט בקול רם „שאו ידיכם" (איך טו אים אַלץ נאָך), מאַכט „המוציא" און עסט ווי אַ יידן פּאַסט צו עסן, נישט זולל וסובאדיק.

די ייִנגערע שנור רחל פּאָרעט זיך ביים טיש. סאַרווערט, גיט אונז טיי. זי איז אַ יונג ווייבל, ערך דרייסיק יאָר אַלט, זיצט ביים טיש זייער באַשיידן, די האָר באַהאַלטן ווי ביי אַ פאַרצייטיקער רביצין און הערט זיך צו אָנגעשטרענגט צו אונ־זער שמועס. פּאַוולאָוו דערציילט, ווי זיי שיקן אַרויס פון צייט צו צייט עטלעכע יונגע לייט אויף דער וועלט אויף אַ צוויי־דריי יאָר לערנען, כדי קומענדיק צוריק זאָלן זיי כאָטש געהיים *) לערנען אַלעמען יידיש, ווי די יונגע לייט קענען ליידער לאַנג נישט בלייבן אין דער פרעמד, ווייל ס'איז נישטאָ מיט וואָס

*) קיין חדרים עפענען אָפיציעל האָט אפילו אורוסאָוו נישט דערלויבט, די קינדער פון די גרים האָבן זיך דעריבער געמוזט לערנען אין אלגעמיינע רוסישע שולן, צוזאמען מיט די מאָלאָקאַנער און קאָזאַקן.

זײ דאָרט אויסצוהאַלטן, דער עולם איז „צעלאָזן" געװאָרן, װײל נישט געבן קײן געלט אויף אַזעלכע זאַכן. פאַרװאָרפט ביסלעכ־װײז דאָס ײדישקײט...

פאַרטרויערט בלײבט ער שטיל אַ רגע און גיט צו:

— איר דאַרפט אונז נישט באַשולדיקן, מיר זענען פאָרט נישט מער װי גרים. און דערצו נאָך געיאָגטע און פאַרפאָלגטע פון אונזער ליבהאַרציקער רעגירונג...

איך פרעג בײ רחלען, פאַרװאָס זי באַהאַלט אַזוי אירע האָר, איך דערצײל איר, אַז ײדישע װײבלעך גײען שוין צײט־לאַנג מיט די אײגענע האָר, אַז דאָס איז בכלל נישט אַזאַ גרויסע עבירה, אַז דאָס האָט מען באַדאַרפט טון פאַרצײטן, װען מען האָט געמוזט אָנטון אַ מאָראַלישע צוים אויף דעם מענטשן א. אַז. װ.. רויטלט זיך איר יונג, געזונט פּנים, און זי ענט־פערט שטיל, װי עס פּאַסט פאַר אַ ײדיש צנועהדיק װײבל:

— מיר קענען זיך צו אײך נישט גלײכן, אײערע װײבער האָבן פאַר צװײ טויזנט יאָר גלות און פּורעניות זיך פאַרדינט דאָס רעכט צו גײן מיט די אײגענע האָר, אָבער פאַר װעלכע מעשים טובים קומט עס אונז? מיר טאָרן עס נישט, מיר האָבן עס קײן רעכט נישט צו טון...—און װערט אַנשװיגן.

אַ מערקװירדיקע זעלבסט־באַגרענעצונגס פילאָזאָפיע. אויס־געאַרבעט אויף די ברעגלאָזע מרחקים, װײט פון קולטור און מענטשן!

געענדיקט די סעודה, אָפּגעבענטשט בקול רם, טו איך אַ זאָג צו פּאַװלאָװן, אַז איך האָב בדעה נאָך הײנט אַװעקצופאָרן. ער װערט זײער דערשראָקן פון דער בשורה און מיט אַ תחנונים־קול הײבט ער אָן צו בעטן, איך זאָל כאָטש נאָך אײן נאַכט דאָ איבערנעכטיקן — ליני פה הלילה! איך האָב נישט געװאַגט אָפּצוזאָגן דעם אַלטן מאמין זײן בקשה און האָב מסכּים געװען צו בלײבן נעכטיקן.

װי ער װאָלט װעלן נישט פאַרלירן אַ מינוט, שלעפּט מיך פּאַװלאָװ װידער אַװעק אין בית־מדרש, נעמט מיט זיך דעם שמש, ציט אַרויס און װיקלט אויף די ספרי־תּורות, איך

זאָל זיי כאָטש איבערפלעכלעך מגיה זיין (אָן „אמתער" ייד קען דאָך אַלץ!...) איך טו עס, ווי ווייט איך פאַרשטיי עס און קען, און מיינע גרים זענען צופרידן, וואָס אַן אמתער ייד האָט אין זייערע ספרי-תורות אַריינגעקוקט און קיין פסול, חלילה, אין זיי נישט געפונען...

בכלל איז דער בית-מדרש און די ספרי-תורות — דער שווערפונקט פון יידישקייט ביי די גרים.

פּאַוולאָוו ווייזט מיר אָן אויף אַ בלעכענער פּושקע, צוגע-שלאָגן צום וואַנט, אין וועלכער מען וואַרפט אַריין מטבעות — נדבות אויף דברי-מצוה. איך לאָז אַראָפּ עטלעכע מטבעות, ער לייגט מיר פאָר צו קומען צו זיי אויף ימים-נוראים. און אויב איך וועל נישט באַווייזן צו קומען, זאָלן כאָטש ביים עמוד ברענען מיינע ליכט. איך גיב אים געלט אויף ליכט, און ביי אליהו ב"ר אליעזר שטייען טרערן אין די אויגן פאַר פרייד...

פון דאָרטן אויפן בית-עולם.

ווייטלעך הינטערן דאָרף, אויף אַ בערגל, באַקרוינט מיט שלאַנקע, צאַרטע בעריאָזקעס, אינמיטן וויסט-פוסטן סטעפּ, זעט אויס דער בית-עולם ווי אַן אינזל, פאַרטיילט אויף גאַסן. שטייען די מצבות אויף די קברים ווי אַ ריי בנינים, און עס מאַכט ווירקלעך אַן איינדרוק פון אַ טויטן אינזל... און ווי חורבות פון אַן אַלטן שלאָס, זעט אויס אינמיטן בית-עולם באָנדאַריאָווס קבר, אַרומגערינגלט מיט אַ הויכער מצבה, ווי מיט אַ מיטלאַלטערלעכן פעסטונגס-צוים... „באַלעבאַט" איז דער טויט-אינזל נאָר תשעה-באב, ווען גאַנץ „יודינא" גייט אַרויס אַהין און פאַרבלייבט דאָרט ביז נאַכט און „שפּילט" זיך דאָרט מיט הילצערנע שווערדלעך אויפן עכט-יידישן שטייגער.

פון בית-עולם—צוריק אַהיים.

פאַרנאַכט. דער עולם קומט פון פעלד—ווער פון נאָענט, ווער פון ווייט, פון „זאַאימקעס", — אַלע פריש, געזונט, און פול מיט לעבן. עס גלויבט זיך גאָרנישט, אַז דאָס זענען יידן... זייער קליידונג, זייער האַלטן זיך, זייער איינפאַכקייט, זייער

אַרבעט — באַווייזן אפילו קיין סימן נישט פון זייער יידיש־קייט...

עס ווערט פינסטער. פּאַוולאָוו קען זיך אַלץ נישט שיידן מיטן „אמתן" יידן, ער מסרט באַדויערנד אויף דער יוגנט, וואָס ווערט פון טאָג צו טאָג אַלץ מער נישט פרום, וואָס ער האָט נישט וועמען איבערצוגעבן די השגחה אויף יידישקייט — ער איז שוין אַזוי אַלט און קלויבט זיך שוין אין ווייטן וועג... און מיט אַ טיפן טרויער דערציילט ער און דערציילט...

— — — — — — — — — — — —

אויף מאָרגן פרי טראָגן מיך שוין די קליינע פלייסיקע, סיבירער פערדלעך דורך באַרג און טאָל צוריק צו די ריזיקע סאַיאַנען, צו דעם וווּנדערבאַרן אַריינטריט קיין סאַיאָטאָ־מאָנ־גאָליע.

---

מאַטעריאַלן האָבן מיר געגעבן: די גרים אליהו ב"ר אליעזר פּאַוולאָוו, יעקב באָנדאַריאָוו (אַ זון פון דוד באָנדאַריאָוו, וועגן וועלכן עס רעדט זיך פריער), מאַריאַ קאָראָליאָווא, אַ מאַלאָקאַנערין, אַ פריינט פון דוד באָנדאַריאָוו, דער גלח פון מינוסינסקער קאַטעדראַלע קוזמין און דער באַוווסטער, אין יענער געגנט, קולטור־ און כּלל־טוער–ליבערמאַן פון מינוסינסק.

# סיבירער יידן

ווען דער רוסישער העלד יערמאַק טימאָפייעוויטש האָט זיך אין יאָר 1581 מיט האַק און קירקע געלאָזן אין קאַמף דעראָבערן סיביר, איז אים דאַן געוויס נישט איינגעפאַלן, אַז אויך אַהין, אין די ענדלאָזע טייגעס און וויסטענישן, וועלן אַנקלאַפּן די קינדער פונם עם מפוזר ומפורד, און מיט דער צייט וועט די קלוגע רוסישע געזעצגעבערין האָבן צו זינגען און צו זאָגן מיט דער „פאַרשאָלטענער יידן-פראַגע" אויך דאָרטן, אין דעם אַזיאַטישן טייל פון רוסלאַנד.

ווער ווייס אים, דעם ריז יערמאַק,—אפשר וואָלט ער זיך אויך אין נאָמען פון עכט-רוסישן פּאַטריאָטיזם פון איוואַן דעם גרויזאַמענס צייטן זיך אָפּגעזאָגט פון סיביר, אַבי קיין יידן זאָלן אַהין נישט אַריינשמעקן...

ווער ווייס? אפשר וואָלטן אויך די באַרימטע אַדל-משפחות סטראָגאנאָוו, וועלכע האָבן זיך פאַרשפּרייט אין יענער צייט אין זייערע פעסטונגען איבערן אוראַל, נישט געקומען צו הילף מיט זייערע סאָלדאַטן און קאָזאַקן, ווען זיי וואָלטן פאָרויס גע-זען אַזוי פיל „טראָבעל" מיט די „נישט געבעטענע געסט" פאַר דער רוסישער נאָבעלער אַדמיניסטראַציע.

ווער ווייס?...

אָבער עס איז געשען. און אחינו בני ישראל האָבן זיך פאַרשפּרייט איבער דעם יערמאַקן-לאַנד אין אַ גאַנץ באַדייטנ-דיקער צאָל.

אין פאַרשידענע צייטן, צוליב פאַרשידענע סיבות, בײַ פאַרשידענע אומשטענדן זענען זיי אַהין געקומען, האָבן זיך אַזוי אָדער אַנדערש איינגעבירגערט און לעבן דאָרט עד היום הזה.

און דאָס ביסל יידן, וואָס זענען צעזייט און צעשפּרייט איבער סיביר, האָבן צוליב די ספּעציפישע באַדינגונגען פון לאַנד, פון דער באַפעלקערונג, צווישן וועלכע זיי וווינען, צוליב די סאָציאַל-עקאָנאָמישע און קולטורעלע תּנאים, אין וועלכע זיי לעבן, אָנגענומען אַ גאַנץ אַנדערן אויסזען, האָבן זיך טיילווייז אַסימילירט מיט דער אָרטיקער באַפעלקערונג, טיילווייז געבליבן אָרטאָדאָקסאַל יידיש, אָבער אויך אויף זייער אייגענעם שטייגער, אַזוי, אַז זיי שיידן זיך זייער שטאַרק אונטער פון די רוסישע יידן, ד. ה. פון די יידן, וואָס וווינען אין אַנדערע טיילן רוסלאַנד. מיט אַ גאַנץ אַנדערן בליק אויפן לעבן, מיט אַ גאַנץ אַנדערע פּסיכאָלאָגיע און לעבנס-שטייגער.

איידער איך וועל אָבער איבערגיין צו די יידישע טיפּן און געשטאַלטן, וועלכע מיר איז אויסגעקומען צו באַאָבאַכטן אין דער צייט פון וווינען און רייזן איבער סיביר, וויל איך אין אַלגעמיינע שטריכן אָנווייזן, וויאַזוי און פון וועמען האָט זיך קאָמפּלעקטירט די יידישע באַפעלקערונג אין סיביר, די תּנאים, אין וועלכע זי האָט געלעבט און זיך אַנטוויקלט ביז דער וועלט-מלחמה (פון 1914), און די גרויסע ענדערונגען, וואָס זענען פאָרגעקומען בשעת דער מלחמה אויף אַלע געביטן פון זייער לעבן—הן סאָציאַל-עקאָנאָמיש, הן קולטורעל.

## I

## אָפּשטאַמונג פון דער יידישער באַפעלקערונג

די סיבירער יידן לויט זייער איינוואַנדערונג אין דער יערמאַק-לאַנד קאָנען פאַרטיילט ווערן לערך אויף פאָלגנדיקע קאַטעגאָריעס:

1) פאַרשיקטע פאַר פאַרשידענע פאַרברעכנס (קרימינעלע און טיילווייז פּאָליטישע).

2) ערד-אַרבעטער (פּויערים).

3) קאַנטאָניסטן, די, וואָס האָבן געדינט אין מיליטער אַלס אַמאָליקע רעקרוטן.

4) צופעליקע עלעמענטן.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז עס האַנדלט זיך וועגן די דער-מאָנטע איינוואַנדערער מיט זייערע משפחות און קומענדיקע דורות ביזן היינטיקן טאָג.

## פאַרשיקטע

ווען די יידישע איינוואַנדערונג קיין סיביר האָט זיך אָנ-געהויבן, איז גענוי נישט באַוווסט. דאָס פאַרשיקן קיין סיביר, אַלס אַ שטענדיקער פּלאַץ פאַר דעם, האָט זיך אָנגעהויבן, כּידוע, ערשט אין דער אַנדערער העלפט פון אַכצנטן יאָרהונ-דערט (1754), הגם אויך פריער פלעגן אַהין אַרויסגעשיקט ווערן פאַרברעכער. לויט די באַהויפּטונגען פון י. געסען, זע-נען די ערשטע פאַרשיקטע יידן אָנגעקומען קיין סיביר אין אָנהויב פון אַכצנטן יאָרהונדערט, ווען עס זענען אַנטשטאַנען די גאָלד-גרובן אין נערטשינסק, זערענטוי, אטשינסק (1704—1782) א. א. וו. עד היום וווינען נאָך דאָרט און אין די נאָענטע שטעטלעך אורייניקלעך פון יענע פאַרשיקטע, וועלכע פאַרנעמען זיך מיט מסחר, ערד-אַרבעט און סתם בעלי-מלאכות.

מיט עטלעכע צענדליק יאָר שפּעטער, האָט זיך שוין קאָנצענטרירט אַ היפּשע צאָל יידן אין פאַרשידענע שטעט פון מערב-סיביר (טאָמסק, אָמסק, קאַאינסק) און אויך אין מזרח-סי-ביר, ווי אין ניזשניעאודינסק, קאַנסק א. א. וו.

ווען גראַף ספּעראַנסקי האָט אויף זיין רייזע איבער סיביר (1819—1822) באַזוכט דאָס שטעטל קאַאינסק, האָט ער „פעסט-געשטעלט", אַז דאָרטן זענען דאָ זייער פיל זשידעס און ציגיינער.

עס זענען אויך פאַראַן באַווייזן (נישט בלויז השערות), אַז יידן זענען פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר נאָך אין יאָר 1658.

אַזוי אַרום איז שווער פעסטצושטעלן גענוי די צייט פון די ערשטע יידישע פאַרשיקטע קיין סיביר, אָבער עס איז קיין ספק נישט, אַז שוין אין סוף פון זיבעצנטן יאָרהונדערט זע־נען אָנגעקומען אַהין די ערשטע שוואַלבן פון דער קומענדי־קער יידישער באַפעלקערונג.

די פאַרשיקטע פלעגן קומען צו זייער באַשטימטן פלאַץ אַליין, אָן די ווייבער און קינדער, זיי איז אַ צייט געווען פאַרבאָטן צו באַגלייטן זייערע פאַרשיקטע מענער און טאַטעס.

י. אָסטראָווסקי, וועלכער האָט געפאָרשט די יידישע לאַ־גע אין סיביר, גיט איבער, אַז דאָס אַליין־זיין פון די פאַרשיק־טע אין סיביר, האָט געשאַפן אַ פאָדערונג אויף פרויען. צוליב דערדאָזיקער פאָדערונג האָט זיך געשאַפן אַ חברה מעקלער און שדכנים, וועלכע האָבן זיך פון צייט צו צייט געלאָזן קיין אייראָפעישן רוסלאַנד, מיט אַ ספּעציעלער אויפגאַבע צו ברענגען פרויען פאַר די יידישע פאַרשיקטע. אַזעלכע פרויען איז נישט שווער געווען צו געפינען צווישן דער אָרעמער יידישער באַ־פעלקערונג אין רוסלאַנד: אָרעמע מיידלעך זענען להוט געווען חתונה צו האָבן מיט אַ „רייכן סיביריאַק״, ווען ער איז אפילו אָפט צוויי אָדער דריי מאָל עלטער געווען ווי זי. פאַר אַזעל־כע כּלות פלעגן די שדכנים באַקומען צו פופציק, הונדערט און צוויי הונדערט רובל (פאַר יענער צייט איז עס געווען אַ גרויסע סומע). עס זענען אויך געווען פיל פאַלן, ווען יידישע פאַרשיקטע האָבן חתונה געהאַט מיט קירגיזישע, בוריאַטישע און אַנדערע נישט־יידישע מיידלעך. דערדאָזיקער ענין האָט אַרויסגערופן אינטערעס אין רעגירונגס־ראַט, וועלכער האָט אַרויסגעגעבן אַן אומאָפיציעלן געזעץ, אַז די פאַרשיקטע יידן מעגן חתונה האָבן מיט נישט־יידישע פרויען, אָבער בשום־אופן נישט מיט פרויען פון קריסטלעכן גלויבן.

אַזוי האָבן די פאַרשיקטע יידן געשאַפן זייער פאַמיליע־לעבן און זייערע משפחות, וועלכע האָבן זיך אַנטוויקלט און שטעלן איצט פאָר אַ גרויסן טייל פון דער סיבירער־יידישער באַפעלקערונג.

# ערד-אַרבעטער

אין דער געשיכטע פון דער סיבירער יידישער באַפעלקערונג, איז דאָס קאַפּיטל וועגן די יידישע ערד-אַרבעטער אָן ספק אַן אינטערעסאַנטס.

דאָס געזעץ, וואָס ניקאָליי דעם ערשטנס רעגירונג האָט אַרויסגעגעבן, אַז יידן מעגן זיך פריי באַזעצן אין סיביר צו פאַרנעמען זיך מיט ערד-אַרבעט, איז געווען אין קראַפט בלויז 45 טעג, פון 20טן נאָוועמבער 1836 ביז 5טן יאַנואַר 1837...

וואָס האָט באַוויזן די דאַמאָלסדיקע רוסישע געזעצגעבער אַרויסצוגעבן אַזאַ ליבעראַלן געזעץ, איז געבוי נישט באַוווסט; עס זענען דאָ וועגן דעם בלויז השערות. איינס איז אָבער קלאָר, אַז די פראַגע איז גענומען געוואָרן זייער ערנסט: עס איז פאַראָרדנט געוואָרן, אַז מען זאָל די יידישע ערד-אַרבעטער פירן אַהין „בכבוד", זיי זאָלן באַזאָרגט ווערן אויפן וועג מיט אַלעם נויטיקן, אפילו מיט רייזע-קאָסטן, פאָרן זאָלן זיי נאָר אין די טעג, ווען זיי איז באַקוועם, און אויפן אָרט, ווו יעדן מאַן איז צוגעגרייט געוואָרן צו 15 דעסיאַטין גוטע ערד, האָבן באַדאַרפט זיין אויסגעבויט אויפן מלוכהשן חשבון הייזער צום וואוינען. יעדן ערד-אַרבעטער האָט די מלוכה אַרויסגעגעבן פערד און אָקסן און אַגריקולטור-מאַשינען צו באַאַרבעטן די ערד. חוץ דעם זענען דידאָזיקע ערד-אַרבעטער באַפרייט געוואָרן אויף 25 יאָר פון רעקרוטן און פאַרשידענע שטייערן.

עס איז לייכט זיך פאָרצושטעלן, ווי די אָרעמע יידישע באַפעלקערונג אין רוסלאַנד האָט אויפגענומען דעמדאָזיקן „אוקאַז". עס האָט אַ ווייע געטון אין לופט מיט „ישועות אויף יידן", און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ רעגיסטראַציע קיין סיביר אויף ערד-אַרבעט. מען האָט פאַרקויפט האָב און גוטס, דאָס מיינט—די אָרעמע בעבעכעס און מען האָט זיך געגרייט אין ווייטן וועג אַריין. די יידן, וואָס זענען געזעסן אין די געגנטן נאָענטע צו סיביר, האָבן אָן לאַנגע שהיות זיך גלייך געלאָזן אין וועג אַריין, און אין משך פון אַ חודש—אַנדערהאַלבן איז

שוין אַ גרויסער טייל פון זיי געווען אויפן אָרט, און אייניקע האָבן זיך געפונען אויפן וועג אַהין. גאַנץ אַנדערש איז געווען די לאַגע פון די אויסוואַנדערער, וועלכע האָבן געוווינט אין ווייסרוסלאַנד, ליטע און אַנדערע ענלעכע ערטער. אין 45 טעג אַרום נאָך דער גרויסער ישועה, נעמלעך דעם 5טן יאַנואַר 1837 איז דערשינען אַ נייער „אוקאַז", אַ לאַקאָנישער און זייער אַן אכזריותדיקער. ניקאָליי דער ערשטער האָט באַוויליקט מיט זיין אייגענער האַנט אַנצושרייבן קורץ און שאַרף: „די יידישע איבערוואַנדערונג קיין סיביר אָפּשטעלן!". און כדי צו מאַכן וואָס-גיכער אַ סוף מיט די אויסוואַנדערער, וואָס האָבן זיך אין יענעם מאָמענט געפונען אויפן וועג קיין סיביר, האָט מען זיי גלייך אָוועקגעשיקט אין די אַגריקולטור-קאָלאָניעס אין כערסאָנער גובערניע.

אַזוי האָט זיך שנעל, אויפן מיליטערישן שטייגער, פאַרענדיקט די „ליבעראַלע" עפּאָכע פון ניקאָליי דעם ערשטן בנוגע יידן...

וואָס איז געוואָרן מיט די רעגיסטרירטע און רואינירטע יידן פון ווייסרוסלאַנד און ליטע, איז דער רוסישער רעגירונג נישט אָנגעגאַנגען; די משפחה פון יידישע בעטלער איז אין די דערמאָנטע געגנטן היפּש פאַרגרעסערט געוואָרן...

די-יעניקע, וואָס האָבן באַוויזן צו באַזעצן זיך ביז דעם נייעם פּלוצלינגן פאַרבאָט-געזעץ, זענען שוין געבליבן אויף זייערע ערטער און האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט אַזוי פלייסיק, אַז גאָר אינגיכן האָבן זיי זיך אויסגעגלייכט אין זייער ווירטשאַפט מיט דער אַרומיקער אָרטיקער באַפעלקערונג. מיט דער צייט האָבן זיי זיך כמעט אינגאַנצן אַסימילירט מיט דער פּויערישער באַפעלקערונג, האָבן אָנגענומען זייער אויסזען, האָבן זיך באַקליידט ווי די פּויערים און האָבן זיך אויך באַטייליקט אַלס באַאַמטע אין די אָפיציעלע אַנשטאַלטן (וואָלאָסט, זעמסטווע א. א. וו.).

די גליקלעכע, וואָס האָבן זיך געיאָגט קיין סיביר שנעלער איידער ניקאָלייס פאַרבאָט-געזעץ, האָבן זיך פאַרטיילט אין

גרופּעס, און גרופּעסווייז האָבן זיי זיך באַזעצט אויף פאַרשיי־דענע פּלעצער, און אַזוי אַרום געשאַפן נייע דערפלעך (אָדער כוטאָרעס) מיט אַן אייגענעם חבריש־שכנישן לעבנס־שטייגער.

אין איינס אַזאַ דערפל מיטן נאָמען לייבינאָ (אָפּיציעל — אירטישנאָיע), האָבן זיך באַזעצט ניין פאַמיליעס, 36 פּערזאָן. זייער דערפל האָט זיך אַנטוויקלט זייער שנעל און גוט, און דעריבער האָבן די אַרומיקע יידן־קאָלאָניסטן זיי אַ נאָמען גע־געבן „די למד־וואוו", אויף וועלכע עס האַלט זיך די סיבירער יידישע ערד־אַרבעטער־וועלט. דערדאָזיקער וויציקער נאָמען פון די לייבינער איינוווינער האַלט זיך נאָך עד היום, נישט־קוקנ־דיק דערויף, וואָס די באַפעלקערונג פון דעם דאָרף האָט שוין ווייט־ווייט אַריבערגעשטיגן די צאָל 36.

אַזעלכע גליקלעכע פאַמיליעס, וואָס האָבן אויסגענוצט דאָס פינפאונפערציקטאָגיקע געזעץ צו באַזעצן זיך אין סיביר, איז געווען מער ווי אַ הונדערט, און פאַר די קנאַפּע הונדערט יאָר, וואָס זיי זיצן דאָרט, זענען זיי אויסגעוואַקסן צו אַ היפּשע צאָל מענטשן, צו אַ באַדייטנדיקן פּראָצענט פון דער אַלגעמיי־נער סיבירער־יידישער באַפעלקערונג.

אָבער דער קאָמפּאַקטערער טייל פון די סיבירער יידן, דער הויפּט־עלעמענט, אַזוי־צו־זאָגן, פון וועלכן עס האָט זיך אויסגעבילדעט די יידישע באַפעלקערונג אין סיביר, זענען אָן ספק די דורות, וואָס שטאַמען פון די אַמאָליקע רעקרוטן, פון די קאַנטאָניסטן, וועלכע זענען אַהער אויף אַ באַזונדערן אופן געבראַכט געוואָרן אין „יענע צייטן", און זענען דאָ פאַרבליבן אַלס געזעצלעך־באַרעכטיקטע צו פאַרשידענע אַמטן און באַשעפ־טיקונגען.

## II
## קאַנטאָניסטן

דער דריטער עלעמענט אָדער די דריטע קאַטעגאָריע, פון וועלכער עס האָט זיך אויסגעבילדעט די סיבירער יידישע

באַפּעלקערונג. באַשטייט פון משפחות, וואָס שטאַמען פון די אַמאָליקע קאַנטאָניסטן. אַזעלכע משפחות זענען דאָ אין סיביר זייער פיל.

אין ניקאָליי דעם ערשטנס צייטן פלעגן יאָר־איין, יאָר־אויס געבראַכט ווערן פון „תחום", פון מערב־רוסלאַנד קיין סיביר, עטלעכע הונדערט יידישע יונגע יינגלעך אין עלטער פון צען ביז פערצן יאָר. דאָס זענען געווען די אַזוי־גערופענע קאַנטאָניסטן. דאָרט פלעגט מען זיי איינרעדן—אַמאָל מיט גוטן, אַמאָל מיט בייזן, ווי עס האָט געפּאַסט פאַר דעם מיליטערישן רוסלאַנד פון יענער צייט — זיי זאָלן זיך שמדן. דידאָזיקע שמד־פּראָפּאַגאַנדע, מיט צוואַנגס־מיטלען אונטערגעשטיצט, האָט געהאַט „דערפאָלג" צווישן די קליינע צעשראָקענע יידישע קינדער, וועלכע זענען איבערגעוואָלד געוואָרן פלוצלינג אָפּגעריסן פון זייערע עלטערן און סביבה. אַ גרויסע צאָל פון די קינדער האָט מען געשמדט, און אין משך פון יאָרן האָבן זיי זיך צונויפגעמישט מיט דער אָרטיקער קריסטלעכער באַפעלקערונג. און פון זייער יידישער אָפּשטאַמונג איז קיין זכר נישט געבליבן. אַ גרויסער טייל אָבער האָט זיך בשום אופן נישט אונטערגעגעבן דער שמד־פּראָפּאַגאַנדע און זענען דאָך געבליבן יידן. נאָך יאָרן פון שרעקלעכע פאַרפאָלגונגען און יסורים פאַר זייער יידישקייט, האָבן דידאָזיקע יידישע קאַנטאָניסטן זיך דעראָבערט אין אַ היפּשער מאָס רעליגיע־פרייהייט, און האָבן אויך נישט פאַרלאָרן קיין איינע פון די פּריווילעגיעס, מיט וועלכע דידאָזיקע מיליטער־קאַטעגאָריע איז געווען באַגנעדיקט: זיי האָבן זיך געקאָנט פריי באַוועגן און זיך באַזעצן, ווו זיי האָבן געוואָלט אויפן גאַנצן שטח פון סיביר, זיי האָבן פריי געקאָנט באַקומען ערד, פאַרנעמען מלוכה־אַמטן (אָרטיקע, פון קליינער וויכטיקייט), האַנדלען מיט וואָס זיי האָבן געוואָלט א. א. וו. אייניקע פון די קאַנטאָניסטן האָבן זיך אפילו דערדינט צו אָפיצירישע טיטולן. איינער פון דידאָזיקע „אויסגעצייכנטע" — שטאַבס־קאַפּיטאַן הערץ צאם — איז באַוווּסט פון זיינע זכרונות,

וואָס זענען געווען פאַרעפנטלעכט אין זשורנאַל „וואָסכאָד" נו־מער 47 פון יאָר 1903.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען זיי זענען עלטער גע־וואָרן און האָבן אָנגעהויבן פירן אַ פאַמיליע־לעבן, האָבן זיך די קאַנטאָניסטן, די געשמדטע און נישט־געשמדטע דערנענ־טערט איינער צום אַנדערן און האָבן געלעבט צווישן זיך זיי־ער פריינטלעך, און ווי דער דערמאָנטער הערץ צאם גיט אי־בער, האָבן זיך די געשמדטע קאַנטאָניסטן אפילו באַטייליקט אין אויפבויען די סאָלדאַטסקע שול אין טאָמסק.

דערדאָזיקער קאַנטאָניסטן־עלעמענט האָט זיך צעשפּרייט איבער שטעט און שטעטלעך פון סיביר, האָבן דאָרט אָנגע־האַלטן זייער יידישן אָרט און שטייגער לעבן און היינט־צו־טאָג שטעלן זיי פאָר אַ גרויסן טייל פון דער דאָרטיקער יידי־שער באַפעלקערונג.

## צופעליקע עלעמענטן

די סיבות, וועלכע האָבן געבראַכט קיין סיביר סתם יידן, צופעליקערהייט—זענען פאַרשידענע, אַ גרויסן טייל פון דעם עלע־מענט האָט אַהינגעטריבן דער „יידישער תחום" אין מערב־רוס־לאַנד מיט זיין שרעקלעכער קאָנקורענץ און שוידערלעכע לעבנס באַדינגונגען. אין פאַרצווייפלטן געיעג נאָך אַ טאָג חיונה, נאָך אַ שטיקל ברויט האָט מען זיך געלאָזן אין דער ווייטער קאַלטער, פאַרוואָרפענער געגנט זוכן, נישטערן מיט וואָס די נשמה דערהאַלטן, אַבי נישט שטאַרבן פון הונגער, הגם אויך דאָ, אין סיביר, פלעגן זיך די פאַרצווייפלטע וואַנדערער אָנ־שטויסן אויף דיזעלביקע באַציונגען מצד דער אָרטיקער אַדמי־ניסטראַציע, ווי זיי האָבן עס געהאַט אין תחום, און זייער אָפט פלעגן זיי אַרויסגעשיקט ווערן צוריק צו „זייערע היימען". אָבער נישט קוקנדיק אויף די ווילקירקלעכע האנדלונגען פון די סיבירער טשינאָווניקעס, איז דאָך אַ גרויסער טייל פון די געצוווּנגענע סיבירער יידישע איינוואַנדערער געבליבן דאָרט און זענען ביסלעכווייז געוואָרן תושבים.

פיל פון דעמדאָזיקן צופעליקן עלעמענט האָבן זיך דאָרט באַזעצט און איינגעבירגערט צוליב דער וויכטיקייט פון זייער טעטיקייט פאַר דער אַנטוויקלונג פון דעם אָרטיקן האַנדל און פּראָדוקציע. דער עיקר האָבן זיך די יידן אַרויסגעוויזן פאַר זייער פעיקע און געשיקטע בראָנפן-טרייבער (ווינאָקורען). און די אָרטיקע אַדמיניסטראַציע האָט זיך שטענדיק משתּדל געווען ביי דער צענטראַלער רעגירונג, אַז אַזעלכע יידן זאָלן אַהין אַריינגעלאָזן ווערן, און דידאָזיקע בראָנפן-טרייבער האָט מען געגעבן פאַרשידענע פּריווילעגיעס. כּמעט אויף אַלע בראָנפן ברויערייען זענען געווען די אָנפירער יידן. און אַלע סיבירער פאָרשער האָבן שטענדיק באַצייכנט די פעיקייט פון די יידישע בראָנפן-טרייבער, ווי ווייט זיי שטייען העכער אין זייער אַרבעט פון די נישט-יידישע און האָבן אָנגעוויזן, אַז בעת די נישט-יידישע ברויער באַווייזן אַרויסצובאַקומען פון אַ טאָן גוטן קאָרן זעקס עמער שנאַפּס, באַקומען די יידישע ברויער, פון צווייט-קלאַסיקן קאָרן, זיבן עמער שנאַפּס און אָפט נאָך מער אויך.

ווי ווייט סיבירער בראָנפן-פּראָדוקציע האָט זיך גענויטיקט אין יידישע ספּעציאַליסטן איז קענטיק פון אַ ספּעציעלן אוקאַז, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין יאָר 1827.

פעסטשטעלנדיק, אַז יידן זענען די פעיקסטע און געשיקטעסטע בראָנפן-מייסטערס, האָט ניקאָלאַי דער ערשטער, דערלויבט אַזעלכע יידן צו וווינען אין סיביר מיט אַ תּנאַי, זיי זאָלן זיך פאַרפליכטן אויף אַ כּתב, אַז זיי וועלן קיינעם נישט איבעררעדן איבערצוגיין צום יידישן גלויבן...

אַזעלכע יידישע בראָנפן-טרייבער האָבן זיך באַזעצט אין פאַרשידענע סיבירער שטעט אין אַ היפּשע צאָל.

און אויך אַנדערע יידן, צופעליק פאַרבלאָנדזשעטע קיין סיביר, זענען דאָרט נאָך פיל מאַטערנישן און פּלאָגענישן געבליבן תּושבים. זייער אָפט פלעגן אַזעלכע סתּם-יידן צאָלן זייער טייער פאַר זייער לעבן אין סיביר. אַזוי ווערט דערציילט (י. אָסטראָווסקי), אַז אַ ייד מיטן נאָמען משה פּרעסמאַן, נאָכדעם, ווי ער האָט אָפּגעלעבט אין אַ סיבירער שטאָט זיבן און

דרייסיק יאָר, האָט ער ערשט דאָ באַקומען אַן אָפיציעלע דערלויבעניש צו וווינען דאָרט, ווייל ער האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס טעטיקער, ערלעכער און נוצלעכער מענטש. וועגן דעמדאָזיקן משה פרעסמאַן ווערט דערציילט, אַז ער האָט באַקומען פון ביזשניע-אודינסקער גייסטלעכער פאַרוואַלטונג אַ „דיפּלאָם". אין וועלכן עס ווערט געזאָגט, אַז ער, פרעסמאַן, האָט מנדב געווען פאַרן אָרטיקן קלויסטער אַ גרויסע סומע געלט, ער האָט בעמלעך דעם קלויסטער דעם גלאָקן טורעם און אַריינגאַנג צוגעדעקט מיט גוטן אייזן-בלעך און דעם גאַנצן דאַך אָפּגעפאַרבט מיט גוטע גרינע אייל-פאַרב און דאָס אַלץ האָט אים געקאָסט צען טויזנט רובל...

מען קען זיך לייכט אָנשטויסן צוליב וואָס פרעסמאַן דער ייד האָט מנדב געווען אַזאַ גרויסע סומע אויף אַ קלויסטער: דאָס איז געווען לעגאַלער, אויף אַ פילאַנטראָפּישן אופן געגעבענער שוחד, כדי אָרטיקע נאַטשאַלסטווע זאָל גוטהייסן אין די „הויכע פענסטער" זיין וווינען אין סיביר.

אַזעלכע פאַלן זענען אין סיביר אַ זייער אָפטע דערשיינונג. פון אַזעלכע „נדבות" איז זייער אָפט געווען אָפּהענגיק דער גורל פון פיל יידישע פאַמיליעס...

עס האָט אויך געטראָפן, אַז די אָרטיקע העכערע אַדמיניסטראַציע האָט זיך אָפט אַליין משתדל געווען אין פעטערבורג מען זאָל לאָזן וווינען אין סיביר די אָדער יענער יידישע משפחה צוליב זייער נוצלעכקייט פאַר דער אָרטיקער באַפעלקערונג, צוליב זייער אַרבעטס-פעיקייט און ערלעכקייט.

אַזעלכע משפחות צופעליק פאַרבלאָנדזשעטע אין דער ווייטער, קאַלטער ראַנדלאַנד זענען דאָ אין סיביר אַ היפּש ביסל.

די אַלע „סתם" יידן, וואָס האָבן זיך אויף דעם אָדער אויף יענעם אופן באַזעצט און איינגעבירגערט אין סיביר — בילדן דעם צופעליקן עלעמענט, וועלכער שטעלט פאָר מיט זיך אַ געוויסן טייל פון דער אַלגעמיינער סיביריער יידישער באַפעלקערונג.

אַט פון די אַלע אויבנדערמאָנטע פיר עלעמענטן באַשטייט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג אין סיביר, וועלכע האָט געציילט מיט דרייסיק יאָר צוריק סיבירער פאָלקסציילונג אין יאָר 1897) קנאַפּע איין און דרייסיק טויזנט פערזאָן.

די עטלעכע צענדליק טויזנט יידן זענען צוזייט און צושפּרייט איבער אַ שטח פון צוועלף מיליאָן קוואַדראַט וויאָרסט, צווישן עטלעכע מיליאָן רוסישע און נישט-רוסישע איינוווינער. און דאָס לעבן צווישן זיי האָט נאַטירלעך, געלאָזן טיפע שפּורן אויף דעם אויסערלעכן אויסזען פון די יידן און האָט אויך געווירקט אויף זייער לעבנס-שטייגער און יידישער קולטור. דאָס אָפּגעזונדערטקייט פון דעם אַלגעמיינעם יידישן ישוב אין רוסלאַנד, און די געזעצן, וואָס האָבן פאַרבאָטן די סיבירער יידן צו שטיין אין פאַרבינדונגען מיט זייערע ברידער אין אייראָפּעאישן רוסלאַנד, ווי אויך דער ווייטער מהלך פון דער גרויסער יידישער וועלט, האָבן פיל מיטגעהאָלפן דער אַסימילאַציע פון די יידן אין סיביר און היינט צו טאָג שטעלן זיי מיט זיך פאָר אַ גאַנץ באַזונדערע גרופּע יידן, מיט אַ גאַנץ אַנדער לעבנס-שטייגער מיט אַנדערע באַציונגען און זיטן.

## III

## סאָציאַל־עקאָנאָמישער מצב

די סאָציאַלע לאַגע פון די סיבירער יידן, איז אַ לאַנגע צייט געווען זייער אַ שווערע: זיי זענען געווען צוגעבונדן צו זייערע וווין-ערטער, זיי האָבן נישט געהאַט קיין רעכט צו באַוועגן זיך, און יעדעס מאָל, ווען אַ ייד האָט באַדאַרפט אַרויספאָרן צוליב געשעפט אָדער פאַמיליע-אַנגעלעגנהייטן אפילו נישט ווייט, אין דעמזעלביקן קרייז, אָדער אין דער נאָענטער שטאָט, האָט ער באַדאַרפט האָבן דערויף אַ ספּעציעלע דערלויבעניש, און אויך די פּאַספּאָרטן וואָס זיי האָבן באַקומען אין אַזעלכע פאַלן, זענען געווען גילטיק בלויז אויף זעקס וואָכן, און אויך דאַן איז יעדער רייזנדער ייד געווען אונטערגעוואָרפן

דעם גוטן ווילן און ווילקיר פון דער פּאָליציי, וועלכע האָט געטון וואָס זי האָט נאָר געוואָלט, נישט רעכענענדיק זיך לחלוטין מיט די פּאַראָרדענונגען פון דער צענטראַלער מאַכט.

אפילו די ערד־אַרבעטער און פּאַרשיקטע, וואָס זענען אָפּגעקומען זייער שטראָף־טערמין און האָבן זיך צוגעשריבן צו די אָרטיקע וואָלאָסטן אָדער די שטאָטישע אופּראַוועס אַלס פּויערים אָדער מעשטשאַניעס, האָבן נישט אויסגעמיטן דעם ביטערן גורל פון זיין צוגעשמידט צו איין אָרט. די לאַגע פון די „סתם"־יידן איז געווען לחלוטין אַ רעכטלאָזע, און זיי האָבן יעדן טאָג געקאָנט אַרויסגעשיקט ווערן פון דאָרטן, וואָס מיט פיל פון זיי איז ווירקלעך געשען, און דאָס האָט נאַטירלעך געווירקט אויף זייער עקאָנאָמישן מצב.

די צענטראַלע מאַכט האָט אויך אָנגענומען געזעצן, וועלכע פאַרזיכערן, אַז די יידישע באַפעלקערונג זאָל זיך נישט פאַרגרעסערן און זאָל זיך עקאָנאָמיש נישט אַנטוויקלען. אין יאָר 1834 איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ געזעץ, לויט וועלכן יעדער ייד, וואָס וויל באַקומען אַ גילדע־שיין (אַ פּריווילעגירטער קלאַס סוחרים), מוז דערויף באַקומען אַ באַזונדערע דערלויבעניש פון פינאַנץ־מיניסטעריום, „כדי די יידן זאָלן זיך בכלל נישט פאַרשטאַרקן אין זייערע מסחרים, וואָס קאָן שעדיקן דער אָרטיקער באַפעלקערונג".

פאַר אַלעקסאַנדער דעם צווייטן איז די לאַגע געוואָרן אַביסל בעסער. עס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ געזעץ (אין יאָר 1857), לויט וועלכן די סיבירער יידישע איינוווינער, אויסער די פּאַרשיקטע, קאָנען זיך צושרייבן צו דער אָרטיקער געמיינדע צוגלייך מיט דער קריסטלעכער באַפעלקערונג, אַזוי אַז זייערע פאַמיליעס ווערן שוין אויטאָמאַטיש אויך צוגעשריבן. די „סתם"־יידן האָבן באַקומען רעכט צו ווערן אָרטיקע „מעשטשאַניעס" און פריי פאַרנעמען זיך מיט אַלערליי מסחרים, און פון יאָר 1866 האָבן אפילו די פּאַרשיקטע שוין אויך געקאָנט אַריבער, נישט נאָר צו דעם קלאַס מעשטשאַניעס, נאָר אויך צו דער קאַטעגאָריע גילדייצעס, און זענען געוואָרן גלייכ-

באַרעכטיקט מיט דער אָרטיקער באַפעלקערונג אין באַוועגונג, האַנדל און פאַרשידענע באַשעפטיקונגען. דאָס געזעץ איז אויך געווען גילטיק פאַר זייערע קינדער און משפחות.

אָבער דידאָזיקע ליבעראַלע פאַראָרדענונגען און הנחות האָבן נישט לאַנג געדויערט. אין די ניינציקסטע יאָרן, צוזאַמען מיט דער אַלגעמיינער רעאַקציאָנערער פּאָליטיק אין רוסלאַנד, האָבן זיך אָנגעהויבן רדיפות אויך אויף סיבירער יידן. אין 1897 זענען זיי ווידער צוגעשמידט געוואָרן צו זייערע וווינערטער, האָבן זיך נישט געטאָרט באַוועגן אָן ספּעציעלע דערלויבענישן, און דאָס האָט, נאַטירלעך, זייער געווירקט אויף זייער עקאָנאָמישן מצב, און צעזייטע און צעשפּרייטע איבער די גרויסע סיבירער שטחים, האָט זיך דאָך געשאַפן אַ יידישער „תחום", אָדער ריכטיקער—אַ גאַנצע ריי יידישע „תחומים", פון וועלכע זיי האָבן זיך נישט געקאָנט רירן.

## IV

די געצוווּנגענע צוגעבונדנקייט צו איין אָרט, די אוממעגלעכקייט צו באַוועגן זיך איבערן לאַנד, וואָס האָט פאַרשאַפט די יידן זייער פיל אומאַנגענעמלעכקייטן, האָט אָבער אויך געהאַט אַ פּאָזיטיווע זייט: דידאָזיקע סיבה האָט זיי געצווונגען צו זוכן און אָנצונעמען מיטלען צו באַפעסטיקן זיך אויפן אָרט, איינצואָרדענען דאָס לעבן איינגעוואָרצלט, פעסט אויף איין אָרט, אויפהערן צו חלומען וועגן אַרומלויפן זוכן אַלעמאָל פרישע ערטער מיט גרויסע גליקן. ווילנדיק אָדער נישט ווילנדיק האָבן זיי זיך אָנגעהויבן אָריענטירן אין די אָרטיקע באַדינגונגען פון זייערע וווינערטער, און האָבן זיך גענומען שאַפן היימען און באַשעפטיקונגען.

און די באַשעפטיקונגען זענען געווען פאַרשידענע. ווער עס האָט זיך גענומען צו אַ וועלכער-עס-איז מלאכה: סטאָלעריי, מולעריי, שמידעריי וכדומה. ווער צו קליין-קרעמעריי, אַנדערע זענען געוואָרן בעלי-עגלות. דערעיקר פאַר משא פירן.

די מער אָדער ווייניקער פֿאַרמעגלעכע האָבן זיך גענומען צו גרעסערן מסחר: תּבֿואה, רויכוואַרג, און אייניקע האָבן זיך אַפֿילו איינגעאָרדנט ביי גאָלד־גרובן, זאַלץ־גרובן (אין מונוסינסקער אויעזד) א. א. וו.

עס פֿאַרשטייט זיך, אַז דער כּאַרבאָט צו באַוועגן זיך האָט שטאַרק געווירקט אויף דער אַנטוויקלונג פֿון מסחר, אָבער דאָך, האָט מען זיך צוגעפּאַסט צו די פֿאַרהעלטעניש, און אין משך פֿון אַ פּאָר צענדליק יאָר, האָט דער אומבאַדייטנדיקער פּראָצענט יידן אָנגעהויבן שפּילן אַ וויכטיקע ראָלע אין דעם סיבירער מסחר. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז די אָפֿיציעלע אַדמיניסטראַציע האָט פֿון צייט צו צייט אָנגעוויזן, אַז די באַגרענצונגען, וואָס זענען געשאַפֿן געוואָרן פֿאַר די סיבירער יידן, שעדיקן שטאַרק דער אַנטוויקלונג פֿון דעם אָרטיקן האַנדל און טיילווייז אויך דער אינדוסטריע. און אפילו די אָרטיקע קריסטלעכע סוחרים, וועלכע זענען געשטאַנען אין קאָנקורענץ מיט די יידישע, האָבן ביסלעכווייז פֿאַרשטאַנען, אַז די קאָנקורענץ איז גאָר אַ געזונטע דערשיינונג, אַז די יידישע סוחרים אַנטוויקלען דעם האַנדל, פֿאַרגרעסערן און פֿאַרברייטערן אים, און דעריבער האָבן זיי זיך אָפֿט משתּדל געווען דורך פֿאַרשידענע פּעטיציעס צו דער אָרטיקער און צענטראַלער מאַכט, וועגן געוויסע הנחות פֿאַר דער יידישער באַפֿעלקערונג.

אין דער צייט, ווען די יידישע בעלי־מלאכות האָבן פֿאַרפֿולקאָמט די אַרבעט אין פֿאַרשידענע פֿאַכן, האָבן געעפֿנט קליינע פֿאַבריקלעך פֿאַר מעבל־אינדוסטריע, קליינע זייף־פֿאַבריקן, לעדער־אויסאַרבעטונג, פֿעל־אויכאַרבעטונג (סקאָרניאַקןאַרבעט), האָבן די יידישע הענדלער, פֿון קלענערן און גרעסערן מאַסשטאַב, אַנטוויקלט אַ גרויסן עקספּאָרט פֿון ברויט, אייל, זאַלץ און אַנדערע פּראָדוקטן אויף די גאָלד־גרובן, זאַלץגרובן, וואַפֿנע־גרובן אין סיביר גופֿא און אויך אויסער סיביר. זיי האָבן אָרגאַניזירט אַרטעלן צום אָנלאָדן און אויסלאָדן שיפֿן, וואָס קורסירן זומער־צייט איבער די סיבירער טייכן, און אין דער צייט, ווען עס האָט זיך געבויט די גרויסע צענטראַלע

סיבירער באַן-ליניע, איז די גאַנצע באַדינונגס-אַרבעט פאַר די טויזנטער אַרבעטער, געלעגן אין יידישע הענט; און אויך פיל פון די בוי-מאַטעריאַלן פאַר דער באַן-ליניע האָבן צוגע-שטעלט יידן.

די גרעסערע יידישע סוחרים האָבן שטאַרק אַנטוויקלט דעם רויכוואַרג-עקספּאָרט. פיל פון זיי האָבן פאַרקניפּט פאַר-בינדונגען מיט לייפּציג, וווהין זיי פלעגן אָפּשיקן גרויסע טראַנספּאָרטן אויפגעקויפטע רויכוואַרג צו רייניקן און פאַרבן. זיי פלעגן שיקן קיין רוסלאַנד צענדליקער וואַגאָנען סיבירער פּוטער, צעדער-ניס, געשאָסענע וואַלד-פייגל, רינדערנע פלייש וכדומה. זיי האָבן איינגעפירט אַן ענגן קאָנטאַקט מיט אַלע גרויסע יאַרידן פון רוסלאַנד (ניזשני-נאָווגאָראָד, קיעוו א. א. וו.), און מיט זייער ברויט-עקספּאָרט האָבן זיי דערגרייכט אפילו קיין אויסלאַנד.

און ווייל עס איז באַוווסט, אַז „כסף וזהב מטהר ממזרים", האָבן שוין די גרויסע יידישע סוחרים נישט שטאַרק געליטן פון דעם פאַרבאָט צו באַוועגן זיך: פאַר אַ שיינער אפּותיקי, נאָך וועלכער דער רוסישער און דערעיקר דער סיבירער טשינאָווניק איז געווען זייער להוט, האָט יעדער סוחר באַקו-מען אַ „ספּעציעלע" דערלויבעניש אַרומצופאָרן, וווהין ער וויל.

עס זענען, פאַרשטייט זיך, נישט זעלטן פאָרגעקומען פאַלן, ווען דער אָדער יענער סוחר, איז צוליב דער געזעצלעכער אומזיכערקייט און צוליב אַ צופעליקער איינגעשפּאַרטקייט פון דעם אָדער יענעם טשינאָווניק, רואינירט געוואָרן. אַזוי פלעגט זייער אָפט פאַסירן, אַז אַן ערשט-גילדייער פון אייראָפּעישן רוסלאַנד פלעגט קומען צו אַ סיבירער יידישן סוחר, מיט וועלכן ער איז געשטאַנען אין האַנדלס-פאַרבינדונגען, צוליב זייער אַ וויכטיקער אָנגעלעגנהייט, און אין 24 שעת פלעגט ער אַרויסגעשיקט ווערן מחוץ די גרענעצן פון סיביר.

אָדער עס זענען געווען פאַלן, ווען אַ שטענדיקער איינ-וווינער, וואָס איז אָפּגעזעסן אויף איין אָרט צענדליקער יאָרן, איינגעפונדעוועט מיט אייגענע הייזער און קראָמען, איז פּלוצלינג,

לויט אַ ווילקירלעכן באַפעל פון אַ טשינאָווניק־סאַטראַפּ, אַרויס־געשיקט געוואָרן ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפן דערפל אָדער שטעטל אָן אַ שום פאַרוואָס און פאַר ווען. און קיין טענות האָבן אין אַזעלכע פאַלן נישט געהאָלפן—דער סאַטראַפּ איז אַלע מאָל גע־בליבן דער גערעכטער.

אָבער, נישט קוקנדיק אויף די אומנאָרמאַלע סאָציאַלע באַדינגונגען, האָבן זיך די יידן באַפעסטיקט אויף די ערטער און האָבן זיך אין אַלע זייערע ווינפלעצער אָנגעהויבן אויס־טיילן מיט זייערע שיינע הייזער, קראָמען, געביידעס. אין די אָר־טיקע קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט זיך אָנגעהויבן באַציען צו זיי מיט דרך־ארץ; און דאָרט, ווו די יידן האָבן געהאַט קליינע פאַבריקלעך, פלעגט אַ גרויסער טייל פון דער יונגער קריסט־לעכער באַפעלקערונג זיין באַשעפטיקט אויף די פאַבריקלעך, און פלעגן אויך זייער גערן באַזוכן די יידישע טעכנישע שולן, וואָס זענען געעפנט געוואָרן אין די ערטער, ווו אַזעלכע פאַב־ריקלעך זענען געווען קאָנצענטרירט.

דער טייל יידן, וואָס האָט זיך באַזעצט אויף ערד און האָט זיך פאַרנומען מיט אַגריקולטור־אַרבעט, האָט זיך אויך אַרויסגעוויזן מיט פעיקייט צו לאַנדווירטשאַפט און זאָרגפעלטי־קייט צו היים און פאַמיליע. אייניקע פון זיי, די מער גע־שיקטע און מזלדיקע, באַקומענדיק דאָס רעכט צו קויפן און באַזיצן ערד צוגלייך מיט די אָרטיקע פויערים, האָבן מיט דער צייט צוגעקויפט נאָך ערד צו די קאַזיאָנע 15 דעסיאַטין, און זענען געוואָרן באַדייטנדיקע און פאַרמעגלעכע ערד־בעלי־בתים, אַזעלכע זענען אָבער דאָ נישט פיל. דאָס רוב פון זיי איז געבליבן ביי די ערשטע 15 דעסיאַטין ערד און פירן נישט קיין פאַרמעגלעך לעבן.

דער בעל־מלאכהשער טייל פון דער יידישער באַפעלקע־רונג האָט זיך, חוץ סטאָלעריי, מולעריי און אַנדערע פאַכן, פאַרנומען מיט גאָלד־אַרבעט (יוועלירן), זייגערמאַכעריי און פאָטאָגראַפיעס. פיל פון די גאָלד־אַרבעטער זענען מיט דער צייט געוואָרן באַדייטנדיקע גאָלד־הענדלער; די זייגערמאַכער

זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין זייגער- און צירונג-הענדלער, און די באַזיצער פון פאָטאָגראַפישע אַטעליעס זענען אין די גרעסערע שטעט עד היום מערסטנס יידן.

ווען די „פריווילעגירטע" יידן האָבן זיך פריי געקאָנט באַזעצן אין סיביר, זענען באַלד אַנטשטאַנען פיל אַפּטייקן און אַפּטייק-געשעפטן, און אַ גרויסע צאָל דאָקטוירים אין די שטעט און שטעטלעך זענען אויך יידן. דערעיקר האָט דער טאָמסקער אוניווערזיטעט אַרויסגעגעבן פיל יידישע דאָקטוירים פאַר סיביר; דאָס זענען איבערהויפּט געווען קינדער פון די איינגעוואַנדערטע סיבירער יידן.

און נאָך אַ מין באַשעפטיקונג האָט זיך אַנטוויקלט צווישן די „סתם"-יידן. די נישט-פאַרמעגלעכע פון זיי, ווען זיי זענען צוגעשמידט געוואָרן צו זייערע וווינפּלעצער, נישט האָבנדיק קיין סטאַבילע פּרנסה, האָבן זיי זיך גענומען אויפצוקויפן אַלט-וואַרג; אַלץ איז געווען אַ סחורה: אַלטע סאַמאָוואַרן, האַלב-צעבראָכן מעבל, אָפּגענוצטע כאָמוטן און וועגענער, אייזנברוך, אויסגעטראָגענע בגדים וכדומה אַרטיקלען. דידאָזיקע אויפגע-קויפטע סחורה, פאַריכטע, איבערגעניטשעוועטע און אויסגעפּוצ-טע, פלעגן זיי פאַרקויפן צו דער אָרעמער קריסטלעכער באַ-פעלקערונג, וואָס האָט געוווינט אין די הינטערגעסלעך פון שטאָט, אָדער מען פלעגט זיך בגנבה אַרויסכאַפּן אין אַ נאָענטן דאָרף און עס פאַרקויפן צו די אָרטיקע פּויערים. די באַשעפ-טיקונג האָט, פאַרשטייט זיך, קיין גרויסע פאַרדינסטן נישט געבראַכט, און דידאָזיקע הענדלער האָבן געלעבט אָן אָרעם לעבן. מיט דער צייט האָבן זיך אייניקע פון זיי „אַרויפגעאַר-בעט" און זענען געוואָרן גרויסע סוחרים; דאָס רוב אָבער איז געבליבן ביי דעם מסחר, און בלויז די אונטערגעוואַקסענע קינדער האָבן זיך גענומען צו אַנדערע עובדות און מלאכות.

קיין אָרעמלייט בכלל, אַזוי ווי דאָס איז געווען אין יידישן „תחום" אין רוסלאַנד, זענען אין סיביר נישט פאַראַן. אַלע יידן לעבן פאַרהעלטניסמעסיק אָן נויט, אַלע האָבן חיונה, דער פּראָצענט פון נויטליידנדיקע, וואָס קומט אָן צו געזעל-

שאַפטלעכער הילף, איז אַן אומבאַדייטנדיקער, און דעריבער זענען טאַקע די סיבירער יידן מער ברייטהאַרציק, גאַסטפריינדלעך און הכנסת-אורחימדיק, איידער די יידן פון אייראָפּעישן רוסלאַנד.

אין זייער טאָג-טעגלעכן לעבן האָבן זיי זיך צוגעקוקט און צוגעוווינט צו דעם אָרט לעבן פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג, וועלכע איז באַרימט מיט איר אָפנקייט און ברייטקייט. ביסלעכווייז האָבן זיי זיך אויסערלעך אויך צוגעפּאַסט צו זייער סדר פון לעבן: שבת און יום-טוב האַלטן זיי אָפן די געשעפטן צוגלייך מיט די קריסטן; קליידן זיך אין טיפּישע סיבירישע קאָזאַקינען, היטלען וכדומה; רעדן זייער גוט רוסיש מיט דעם עכט-סיבירישן אַקצענט, אַזוי, אַז אָפט איז גאַנץ שווער צו דערקענען און צו אונטערשיידן אַ ייד פון אַ קריסט. דידאָזיקע אויסערלעכע אַסימילאַציע האָט אָן ספק מיטגעהאָלפן דער דערנעענטערונג פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג צו די יידן. אויב אין די ערשטע יאָרן פון דער יידישער געצווונגענער איינוואַנדערונג קיין סיביר, האָט דידאָרטיקע קריסטלעכע באַפעלקערונג געקוקט אויף די „זשידעס" מיט שרעק און פאַרדאַכט, איז די לעצטע יאָרן כּמעט שווער צו געפינען אַ קריסט מיט אַ חשד-באַציונג לגבי דעם יידן. אַלע זענען אויסגעמישט און באַפריינדעט מיט זיי, חוץ די אָפיציעלע אַנטיסעמיטן, נאַטירלעך, וועלכע זוכן אויס אַ יידן כאָטש מיט ליכט פאַר זייערע צוועקן און אַ טייל פון די טשינאָווניקעס, וועמען „עס פּאַסט נישט צוליב קאַריערע צו זיין אין פריינטלעכע באַציונגען מיט די יידן. אָבער דידאָזיקע קליינע צאָל שפּילט נישט קיין גרויסע ראָלע, און אפילו די שטאַרק סענסיטיווע צו אַזעלכע ענינים סיבירער יידן, שפּירן נישט קיין לאַסט פון אַנטיסעמיטישן האַס און אומפריינטלעכקייט. די קריסטלעכע באַפעלקערונג באַציט זיך מיט דרך-ארץ צו די יידישע רעליגיעזע מנהגים, צו זייערע שולן. זייענדיק אַליין שטאַרק רעליגיעז, באַציען זיי זיך אויך זייער טאָלעראַנט צו אַנדערע רעליגיעס (טאַטערן, סובאָטניקעס, מאָלאָקאַנער) און ממילא אויך צו דער יידישער.

דידאָזיקע „אויסגעגלייכטקייט" מיט דער נישט-יידישער באַפעלקערונג האָט געבראַכט צו דעם, אַז דער סיבירער ייד שפּירט זיך שטענדיק שטאָלץ, גלייך מיט אַלע בירגער; ער איז נישט קיין נכנע צו קיינעם, און די הכנעהדיקע פּסיכאָלאָגיע פונעם רוסישן „תּחום"-יידן איז אים דערווידער. דאָס איז אויך אָן ספק איינע פון די סיבות, וואָס דער סיבירער ייד קוקט אויף די רוסישע יידן פון אויבן אַראָפּ, באַטראַכט זיי אַלס ערגערע פון זיך, און באַציִען זיך צו זיי אָפּט אומפרײנטלעך. זיי באַטראַכטן די רוסישע יידן אַלס מענטשן אָן שטאָלץ, אָן רוקן-ביינער און דאָס, הייסט עס, ברענגט זיי צו שנאָרעריי. די סיבירער יידן באַטראַכטן זיך פאַר פּשוטע, ברייטהאַרציקע מענטשן, אָן חכמות, פּשוט, אָן קונצן, בעת די רוסישע יידן נוצן-אויס און עקספּלואַטירן די ברייטהאַרציקייט און גוטסקייט פון די זעלבסטשטענדיקע, אַרבעטהזאַמע און שטאָלצע סיבירער ברידער זייערע.

אַז איר קומט אַריין אין אַ הויז צו אַ סיבירער ייד, וועט ער אייך קודם-כּל פרעגן, צי איר זענט אַ „רוסישער", און אויב איר זענט טאַקע אַ „רוסישער", הויבט מען אויף אייך גלייך אָן צו קוקן מיט פאַרדאַכט:

— מסתּמא עפּעס אַ שנאָרער...

אויב אָבער איר דערגרייכט דאָס צוטרויען פון סיביריאַק, איז צו דער גוטסקייט און אויפמערקזאַמקייט צו אייך קיין גרענעץ נישטאָ. דאַן וועט ער שוין טון פאַר אייך אַלץ, זיין הויז איז פאַר אייך אָפן בייטאָג און בייַנאַכט, און ער אַליין איז גרייט צו גיין אין פייער און אין וואַסער פון אייערטוועגן.

מיט אַ באַזונדערן פּיעטעט באַציִען זיי זיך צו אַריבערגעקומענע כּלי-קודש: מגידים, חזנים, שוחטים און סתּם „לומדים". די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט ווערט זיי געגעבן, און הויז און האַנט איז פאַר זיי אָפן אין אַ ברייטער מאָס. זיי געבן גרויסע נדבות אויף ישיבות, בתּי-מדרשים און נאָך אַזעלכע

„הייליקע" זאַכן פאַרן יידישן ישוב אין רוסלאַנד, און דערעיקר אין ארץ-ישראל.

אַנדערע גיבן די אָנגעקומענע „משולחים" בשתיקה געלט, מען זאָל פאַר דעם קדיש זאָגן נאָך זיין טאַטן אָדער מאַמען, אין דער נייער ישיבה אָדער שול, מען זאָל אַ יאָרצייט פראַווען וכדומה.

איבערהויפט צייכענען זיך אויס די סיבירער יידן מיט זייער ברייטקייט און נדיבת לב.

## ע

## קולטורעלער מצב

באַטראַכטנדיק דעם קולטורעלן מצב פון די סיבירער יידן, דאַרף גלייך פאַרשטאַנען ווערן, אַז דאָ רעדט זיך וועגן צוויי זאַכן: 1) וועגן זייער אַלגעמיינעם קולטור-צושטאַנד, און 2) וועגן זייער קולטור-טעטיקייט אויפן יידישן געביט.

עס איז גאַנץ פאַרשטענדלעך, אַז צעזייטע און צעשפּרייטע, אויף אַ שטח פון צוועלף מיליאָן קוואַדראַט וויאָרסט אייבער שטעט און שטעטלעך, דערפער און כוטאָרעס, וואָס ליגן אָפּט איינס פון אַנדערן אַ מהלך פון הונדערטער וויאָרסטן, האָבן די דרייסיק טויזנט סיבירער יידן נישט געהאַט קיין קאָמפּאַקטן יידישן ישוב, און האָבן צוליב זייער פּאָליטיש-סאָציאַלער לאַגע נישט געקאָנט שאַפן קיין גרעסערן יידישן קבוץ, אָן וועלכן יעדע יידישע קולטור-טעטיקייט איז נישט מעגלעך. און דעריבער רעדנדיק וועגן זייער יידישן קולטור-מצב, וויאַזוי ער האָט זיך אויסגעבילדעט, האָבן מיר אין זינען בלויז די אָרטאָדאָקסאַל-יידישע און רעליגיעזע הנהגות זייערע, וויאַזוי זיי האָבן עס אָפּגעהיט אין די ערשטע יאָרן פון זייער איינוואַנדערונג, וויאַזוי זיי האָבן אָרגאַניזירט זייער געזעלשאַפטלעך יידיש לעבן: קהלות, תלמוד-תורות וכדומה.

פון די ידיעות וואָס מיר האָבן, קאָן מען מער אָדער ווייניקער פעסטשטעלן, אַז נאָך מיט איבער הונדערט יאָר

צוריק האָבן די סיבירער יידן אין די גרעסערע שטעט שוין געהאַט אַ פּרימיטיוו-געזעלשאַפטלעך לעבן. אַזוי ווייסן מיר, אַז אין יאָר 1813 האָט אין טאָבאָלסק עקזיסטירט אַ חברה-קדישא מיט אַ פּנקס, און אין 1818 האָט די אָרטיקע קהלה אָפּגעקויפט ביי אַ קריסט (אַ פּאָדפּאָלקאָווניק) אַ הויז, און האָט עס איבערגעבויט אויף אַ בית-מדרש. טאָבאָלסקער יידן גיבן איבער על פּי מסורה, אַז קליינע קהלות האָבן אין זייער גוּ-בערניע עקזיסטירט נאָך מיט הונדערטפופציק יאָר צוריק.

קאַאינסקער יידן האָבן אין יאָר 1819 שוין געהאַט אַ בית-מדרש, אַ בית-עולם, אַ חברה-קדישא א. א. וו. נישט קוקנ-דיק דערויף, וואָס לויט די אָפיציעלע באַריכטן פון גראַף ספּע-ראַנסקי, האָבן זיך אין קאַאינסק געפונען בלויז דרייאונצוואָנ-ציק יידישע הייזער (וועלכע זענען, אגב, געווען די שענסטע אין שטאָט).

דאָס, וואָס די פאַרשיקטע יידן און קאַנטאָניסטן האָבן אין די ערשטע יאָרן פון זייער לעבן אין סיביר נישט גע-פירט קיין פאַמיליע-לעבן, האָט אויך זייער פיל געשטערט די אַנטוויקלונג פון קהלה-לעבן. און אויך דאַן, ווען דאָס פאַ-מיליע-לעבן האָט זיך אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן, איז די אַנט-וויקלונג געגאַנגען שווער און לאַנגזאַם. קיין חדרים און תלמוד-תורות האָט מען נישט געבויט. יעדער טאַטע האָט גע-האַלטן פאַר אַ חוב אויסלערנען זיין זון עברי, ער זאָל קאָ-נען דאַווענען, און מיט דעם איז זיין יידישע בילדונג געווען געענדיקט.

די פאַרבאָט-געזעצן צו וווינען אין סיביר, וואָס זענען חל געווען אויף מלמדים, שוחטים, רבנים וכדומה, האָבן אויך נאַטירלעך געשעדיקט דאָס יידישע קהלה-לעבן, די פאַרשיקטע און דערעיקר די קאַנטאָניסטן, זענען געווען עמי-הארצים, זיי האָבן קוים געקאָנט עברי, זענען לחלוטין נישט געווען באַ-קאַנט מיט די יסודות און מנהגים פון יידישן קהלשן לעבן, און זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז ביי אַזאַ מצב האָבן זיי גאָרנישט געקאָנט אויפטון ממשותדיקס. אָרעמע אין קולטורעלע כּוחות,

ווייט פון יידישן צענטער, האָבן זיך די סיבירער יידן געגנוי-טיקט אין אַ צופֿלוס פון יידישע אינטעליגענטע מלמדים פֿאַר זייערע קינדער, שוחטים און רבנים פֿאַר רעליגיעזע צוועקן. אָבער די רוסישע אַדמיניסטראַציע האָט פון דעם אַלעם נישט געוואָלט וויסן, און די נויטן פון יידישן קהלשן לעבן זענען איר לחלוטין נישט אָנגעגאַנגען, זי האָט כּסדר אָנגעבאָטן אירע „קאַזיאָנע" רבנים, און דערמיט איז זי יוצא געווען צו באַפֿרי-דיקן די קולטורעלע און געזעלשאַפֿטלעכע באַדערפֿעניש פון די יידן. מיט דידאַזיקע אומנאָרמאַלע באַדינגונגען האָבן זיך באַנוצט פּיפּיקע יונגעלייט, וועלכע האָבן געהאַט וווינרעכט אין סיביר (דאָס רוב זענען עס געווען פֿאַרשיקטע), אָבער פּול-שטענדיקע עמי-הארצים, און זענען געוואָרן מלמדים, לערער. זיי האָבן אויסגענוצט זייערע וווינרעכט-פּריווילעגיעס און האָבן עקספּלואַטירט די יידישע באַפֿעלקערונג; אין זייערע הענט איז איבערגעגעבן געוואָרן דער גורל פון די קינדער צו לערנען זיי, און מאַכן זיי פֿאַר מענטשן מיט אַ יידישן גייסט. די טאַ-טעס און מאַמעס, וועלכע האָבן אַליין נעבעך גאָרנישט געוווּסט אין די ענינים, זענען צופֿרידן געווען כאָטש מיט דעם, און אַזוי אַרום איז געוואַקסן אַ נייער דור עמי-הארצים. די, וואָס האָבן זיך אויסגעלערנט „מפטיר", האָבן זיך גערעכנט פֿאַר לומדים.

סיבירער יידן זענען טאַקע בכלל נישט פֿרום, גייען זייער זעלטן אין שול, שבת און יום-טוב האַלטן זיי אָפּן די געשעפֿטן, אָבער ביי קיינעם פון זיי וועט איר נישט פֿועלן, אַז ער זאָל זיין קינד נישט לערנען כאָטש אַביסל יידישע תּורה; דער מאַנגל אין לערער, האָט אָבער ווייטער פון „מפטיר" נישט גע-פֿירט. נאָך פֿינף-זעקס יאָר לערנען ביי די אָרטיקע „פּריווילע-גירטע" מלמדים, האָט כּמעט קיין איין קינד נישט געקאָנט לייענען קיין יידיש ווי געהעריק, און אַ פּשיטא שוין שרייבן געוויס נישט. די גאַנצע קענטעניסן זייערע האָבן זיך באַגרע-נעצט מיטן סידור.

אפֿילו אין די לעצטע עטלעכע צענדליק יאָר, האָט זיך

אין פיל סיבירער שטעט מיט אַ יידישן ישוב, אויך נאָך גע־שפּירט דערזעלביקער מאַנגל אין יידישן לערער ווי אַמאָל. אין ווערכניעאודינסק, למשל, האָט מען אויסגעבויט אַ תּלמוד־תּורה, איז זי אָבער געבליבן שטיין ליידיק צוליב מאַנגל אין לערער. די אָרטיקע טויגן נישט, ווייל זיי קאָנען גאָרנישט, און ברענ־גען פון ערגעץ, קאָן מען נישט, ווייל זיי האָבן קיין וווינרעכט נישט. אין טשיטאַ איז דער הונגער אויף לערער אַ כראָנישע זאַך כּמעט עד היום.

עס טרעפט, אַז אייניקע שיקן אַוועק זייערע קינדער־יינגלעך אין אייראָפּעאישן רוסלאַנד אין ישיבות, אָבער אַזעלכע פאַלן זענען ווייניק און זעלטן. קומענדיק צוריק פון די ישיבות, פלעגן זיך די יונגעלייט נעמען צו רעאָרגאַניזירן דאָס קהלה לעבן, די קולטור־טעטיקייט און שול־וועזן, אָבער זייער גוטער ווילן פלעגט גיך צוקלאַפּט ווערן, אָנשטויסנדיק זיך אויף דעם האַרטן און טעמפּן ווילן פון די סיבירער טשינאָווניקעס, און זע־נען געווען געצוווּנגען צו וואַרפן זייערע חדרים און פּעדאַגאָ־גישע טעטיקייט, און נעמען זיך צו אַ וועלכע עס איז מלאכה: זייגערמאַכעריי, גאָלדשמידעריי וכדומה.

אַזוי האָט די צאַרישע אַדמיניסטראַציע אין סיביר אין גרונט צעשטערט דעם הויפּט־צעמענט פונם קולטור־לעבן ביי די יידישע קהלות אין סיביר, און אין אַלע טיילן פון סיביר. אין אַלע מער אָדער ווייניקער באַדייטנדיקע שטעט און שטעט־לעך, נויטיקט מען זיך שטאַרק אין אינטעליגענטע יידישע כּחות, וואָס זאָלן אויפלעבן און באַנייען דאָס יידישע קולטור־לעבן.

די לאַגע איז אַביסל בעסער אין טאָמסק און אירקוטסק, ווו עס האָט זיך אונטער פאַרשידענע אומשטענדן, קאָנצענט־רירט אַ היפּשע צאָל יידישע לערער, וועלכע גיבן אָפּ זייער גאַנצע אויפמערקזאַמקייט און צייט דער דערציונג פון דער יידישער יוגנט. ווי לערנען אין די תּלמוד־תּורות און אַנדערע ספּעציעלע שולן (אָפּט נישט אָפּיציעל־געזעצלעכע). און אומע־טום איז דאָס לערנען אומזיסט, אָן שכר לימוד. דאָס איז אַלץ

בנוגע יינגלעך, קיין מיידלשע שולן און חדרים זענען נישטאָ. דער מאָדוס פון אַ געשלעכטלעך געמישטע שול איז אין סיביר נישטאָ, און דעריבער קענען די סיבירער מיידלעך און פרויען פמעט קיינער קיין וואָרט יידיש נישט. פון די „חדרים מתוקנים", וועלכע האָבן זיך געהאַט געעפנט אין פאַרשידענע שטעט פאַר יינגלעך מיט מיידלעך צוזאַמען, איז גאָרנישט געוואָרן, זיי האָבן זיך נאָך אַ קיצור-ימימדיקע עקזיסטענץ אַלע פאַרמאַכט — אַנדערע צוליב פּאָליצייאישע מסירות און רדיפות און אַנדערע צוליבן פשוטן מאַנגל אין געלט-מיטלען.

אַן אָנגעזעענע ראָלע שפּילט ביי די סיבירער יידן אַ שוחט. ער איז ביי זיי נישט נאָר אַ שוחט, וואָס באַזאָרגט זיי מיט כשר פליישׁ, נאָר ער איז אויך אַ חזן, אַ רב, אַ מסדר-קידושין, אַ מוהל, אַ פּנקס-פירער וכדומה. און דאָרט וווּ עס פעלן לערער, איז ער אויך אַ מלמד. אָבער אויך אין דערדאָזיקער נויטבאַדערפעניש פלעגט די העכערע רוסישע אַדמיניסטראַציע, מאַכן די יידן גרויסע שוועריקייטן, און פלעגט די שוחטים אַרויסשיקן פון סיביר, אַלס נישט וווינבאַרעכטיקטע. דאָסזעלבע איז אויך געטון געוואָרן מיט לערער און די גירוש-אינקוויזיציע האָט אָנגעהאַלטן דאָרט ביז דער מלחמה.

אויך די אינערלעכע אָרגאַניזאַציע פון די יידישע קהלות, איז נישט קיין געהעריקע, צוליב פאַרשידענע סיבות. איינע פון די וויכטיקע סיבות איז, וואָס די יידישע באַפעלקערונג איז אַ צעשאָטענע, און די קליינע ישובים געפינען זיך ווייט איינס פון אַנדערן, און יעדעס דאָרף און קליינשטעטל, וואָס זענען נישט בכוח צו האָבן אַן אייגענע קהלה, צוליב דער קליינער צאָל יידן וואָס זיי פאַרמאָגן, איז געצוווּנגען צו זיין צוגעבונדן צו אַ גרעסערן יידישן ישוב, (אירקוטסט, קראַסנאָיאַרסק, טאָמסק).

אַלע באַדערפענישן פון רעליגיעזן און קהלשן כאַראַקטער, דאַרפן באַפרידיקט ווערן דורך דער גרויסער שטאָט, און דאָס איז כמעט נישט מעגלעך צו דערלעדיקן אין דער צייט ווי געהעריק איז. און עס טרעפט אָפט, אַז אַן אתרוג קומט אָן אין

קליינעם שטעטל אויף חנוכה. און אַ כהן, וואָס דאַרף קומען צו ימים-נוראים דערגרייכט זיין באַשטימטן אָרט צוזאַמען מיטן אתרג. דאָס זעלבע איז מיט שאלות און מיט ענין מילה. דאָס זעלבע איז אויך מיט געזעלשאַפטלעך סאָציאַלע ענינים.

מעטריקעס פאַר געבוירענע און פּנקסים פון פאַרשטאָרבענע, ווערן געפירט אין דער גרויסער שטאָט, און מען דאַרף מודיע זיין אַהין פון אַלע נייגעבוירענע מיט זייערע נעמען, וועגן אַלע געשטאָרבענע. און אָפט פאַרמאָגט אַ טאַטע-מאַמע לויט די מעטריקעס, אַ זון במקום אַ טאָכטער און פאַרקערט. לויט די פּנקסים קומען אויס טויטע לעבעדיק און לעבעדיקע זענען טויט, און נאָך אַזעלכע קוריאָזן.

קיין שוחטים זענען אין אַזעלכע פאַרוואָרפענע ווינקעלעך נישטאָ. און אַזוי ווי אַ סיבירער ייד בכלל עסט נישט קיין בשר טריפה, קומט זיי אויס צו עסן פלייש בלויז אין די ימים-טובים, ווען מען ברענגט ספּעציעל אַ שוחט, וועלכער בלייבט שוין דאָרט איבער יום-טוב און שוין אגב אויך רב, אַ חזן.

אַ צווייטע סיבה פון נישט געהעריקער קהלה-אָרגאַניזאַציע איז דאָס, וואָס די רוסישע אַדמיניסטראַציע לייגט אַרויף איר האַנט אויף די אינערלעכע ענינים פון יידישן לעבן. זי צווינגט זיי אויף אירע „קאַזיאָנע" רבנים, זי מישט זיך און ווירקט אויף די וואַלן פון קהלה-פאַרוואַלטונגן א. אַ. וו. דערביי דאַרף באַמערקט ווערן, אַז יעדער סאַטראַפּ האָט זיך געמישט אין די ענינים, דערלויבט און פאַרבאָטן לויט זיין אייגענער שיטה און נוסח און דער עיקר—לויט זיין אייגענער פאַנטאַזיע. אין טאָמסק למשל, איז די אַדמיניסטראַציע באַשטאַנען, אַז די קהלה-פאַרוואַלטונג זאָל זיין נאָר „אַ רעליגיעז-גייסטלעכע", און אין מאַר-מאָנסק (טאָמסקער גוב. נישט ווייט פון טאָמסק) איז די קהלה-פאַרוואַלטונג, לויט זייער אייגענעם רצון געוועזן „אַ ווירטשאַפט-לעכע", און די אַדמיניסטראַציע האָט נישט געפונען קיין סיבות צו שטערן זיי אין דעם. דאָרט ווו די יידן קלויבן זיך אַליין אויס אַ „קאַזיאָנעם" רב, ווערט ער במעט קיינמאָל נישט באַ-שטעטיקט דורך דער אַדמיניסטראַציע. קיין ספּעציעלע געלערנ-

טע פאַר דעם צוועק פאַרמאָגן נישט צווישן זיך די סיבירער ייִדן, קלויבן זיי אויס פאַר דעם אַ אָרטיקן ייִדישן דאָקטאָר, אַ ציין־דאָקטאָר, אַ לערער, און קיין איינער פון דידאָזיקע מענטשן ווערט נישט באַשטעטיקט דורך דער אַדמיניסטראַציע—דער לערער, ווייל ער האָט קיין ווינרעכט נישט בכלל, און דאָקטוירים, ווייל זיי הויבן זיך אָן פאַרנעמען נישט מיט זייער פאַך, און פאַרלירן דורכדעם זייער ווינרעכט אין סיביר. אין סרעטענסק האָט געפאָדערט די אַדמיניסטראַציע, אַז דער קאַזיאָנער רב זאָל באַזיצן אַ בילדונגס־צענז, און אין מאַריאינסק ווייסט מען פון אַזעלכע פאָדערונגען גאָרנישט.

דערדאָזיקער ווילקיר שאַפט אַ שטענדיקן פלאָנטער אין די ייִדישע קהלה־ענינים און די אינערלעכע אָרגאַניזאַציע איז דאַריבער נישט קיין שטאַנדהאַפטיקע און נישט קיין געהעריקע.

און נאָך אַ סיבה ווירקט אויף דעם מצב פון די ייִדישע קהלות, זייער אָפט איז דער ייִדישער קבוץ נישט גענוג פאַרמעגלעך אויסצוהאַלטן אָן אַריבערגעבראַכטן פאַסיקן מענטשן אַלס אָנפירער, און קיין אָרטיקע קאַנדידאַטן, ווי מיר האָבן פריער געזאָגט, זענען אויך נישט פאַראַן, און דער רעזולטאַט פון דעם איז זייער אַ טרויעריקער.

דערדאָזיקער שלעכטער מצב פון די ייִדישע קהלות האָט שוין געפירט צו דעם, אַז ספּעציפיש ייִדישע אָנגעלעגנהייטן זענען איבערגעגעבן געוואָרן אין גוייִשע הענט. אַזוי איז, למשל, אין יאָר 1905 דורך אַ ספּעציעלן „אוקאַז“, אויפגעלייזט געוואָרן די טאָבאָלסקער חברה־קדישא און די פאַרוואַלטונג מיט דעם ייִדישן בית־עולם איז אַריבער אין רשות פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג. און נאָך אַזעלכע פאַקטן זענען געשען מיט ייִדישע קהלות אין פאַרשידענע סיבירער שטעט און שטעטלעך.

---

# VI

## אַלגעמיינער קולטורעלער מצב

נישט פיל בעסער פון דעם יידישן קולטור־מצב איז גע־וועזן דער אַלגעמיינער קולטורעלער מצב פון די סיבירער יידן. רעכטלאָזע, פאַרפאָלגטע, אויף וועלכע אפילו די אָרטיקע באַ־פעלקערונג האָט די ערשטע יאָרן געקוקט קרום און מיט פאַר־דאַכט, האָבן זיי, נאַטירלעך קיין דריסת הרגל נישט געהאַט צו די אָפיציעלע שולן, וואָס האָבן עקזיסטירט אין די סיבירישע שטעט, און דעריבער האָבן זיי פשוט נישט געהאַט קיין שום מעגלעכקייט צו לערנען עפעס אַליין און צו לערנען די קינ־דער. דעריבער איז אין די ערשטע יאָרן די לאַגע געווען זייער טרויעריק. און אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען די רעכטלעכע לאַגע האָט זיך אַביסל געבעסערט (הגם זי איז שטענדיק געווען נישט זיכער), האָט די באַוווסטע פּראָצענט־נאָרמע וואָס עקזיסטירט פאַר אַלע יידן אין רוסלאַנד, בנוגע גימנאַזיעס און אוניווערזיטעטן, אויך נישט אויסגעמיטן די סי־בירער יידן. און נאָך די ישועות וואָס זענען אָנגעקומען אין אַלעקסאַנדער דעם צווייטנס צייטן, האָט אויך כמעט יעדער סי־בירער ייד, וואָס האָט געוואָלט אַריינגעבן זיין קינד אין גימ־נאַזיע, געמוזט אויף זיין אייגענעם חשבון אויסהאַלטן אין גימנאַזיום עטלעכע קריסטלעכע קינדער, כּדי זיין קינד זאָל אַריין אין פּראָצענט־נאָרמע. די סיבה, וואָס אין ריין־קריסטלעכע שולן איז אויך אָפט נישט דערגרייכט געוואָרן די פּראָצענט־נאָרמע, איז אַ פשוטע: ווי נאָר עס איז געשאַפן געוואָרן אַ מעגלעכקייט פאַר די יידן אַריינצוקומען אין די אָפיציעלע שולן, האָבן זיך אַלע אַ לאָז געטון מיט זייערע קינדער אין די באַזעצטע פאַרבאָטענע תּורה־פלעצער, און עס איז נאַטירלעך, גלייך געוואָרן אַן „איבערפלוס" פון יידישע תּלמידים לויט דער נאָרמע. אָבער דאָך האָט זיך פון יענער צייט אָן אָנגעהויבן אַ דראַנג צו אַלגעמיינער בילדונג און דער יונגערער דור האָט אָנ־געהויבן צו באַזוכן שולן. ווייט אָבער איז עס נישט געגאַנגען.

בלויז געציילטע האָבן דערגרייכט צו אוניווערזיטעטן און אַנ־דערע הויכשולן. דער גרעסטער טייל האָט זיך באַגנוגנט מיט די שטאָטישע שולן (גאָראָדסקיאַ אוטשילישטשאַ), די איבערי־קע זענען געווען צופרידן צו ענדיקן גימנאַזיע, און דערמיט איז געווען געענדיקט זייער בילדונג.

אָבער שוין דאָס ביסל קולטור, וואָס האָט אַריינגעשטראָמט צווישן די סיבירער יידן, האָט זיי געגעבן אַן אַנדער אויסזען, און עס האָט מיטגעהאָלפן צו אַ שנעלער אַסימילירונג מיט דער אָרטיקער באַפעלקערונג. מען האָט אויך אָנגעהויבן צו קוקן אויף זיי מיט מער דרך־ארץ.

די, וואָס זענען אַוועק אין די אוניווערזיטעטן און הויכ־שולן, האָבן זיך נאָך זייער שטודיע צוריקגעקערט קיין סיביר, און פאַרנעמענדיק זיך מיט זייערע ספּעציעלע פאַכן, זענען זיי געוואָרן די פירער פון דעם ביסל יידן. אָבער, פאַרשטייט זיך, לויט זייער אייגענעם נוסח און לויטן סיבירער שטייגער. אַלע איבעריקע זענען געוואָרן געשעפטסלייט, בעלי־מלאכות מיט אַלע טיפּיש־סיביר׳ישע הנהגות און האָבן זיך, אין דעם זין, אינ־גאַנצן אויסגעמישט מיט דער אַרומיקער באַפעלקערונג.

די ווירקונגען פון די, וואָס האָבן געגאָסן אַביסל ביל־דונג און קולטור אויפן אַלגעמיינעם יידישן לעבן, איז געווען אומבאַדייטנדיק. פון ספּעציפישן יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן האָבן זיי נישט געוווּסט. קיין דיפערענצירונגען אויף פּאַרטייען, גרוי־פּעס און ריכטונגען זענען נישט געווען. אָפּגעריסענע פון גרויסן יידישן ישוב, פון גרויסן יידישן צענטער, זענען זיי געבליבן פרעמד צו דער גאַנצער יידישער יוגנט־באַוועגונג, וואָס איז אָנגעגאַנגען אין רוסלאַנד. די געבילדעטע יידישע סיביריאַקעס ווי די נישט געבילדעטע, האָבן באַגרענעצט זייער יידיש־גע־זעלשאַפטלעכקייט מיט נדבות געבן, מיט וווילטעטיקייט, בלויז מיט דעם אונטערשייד, וואָס די פשוטע יידן זענען געווען און געבליבן עם־הארצותדיק פרום, בעת די געבילדעטע האָבן פון זיך אַראָפּגעוואָרפן יעדן שפור פון דערדאָזיקער יידישקייט.

דאָס זאַטע און פעטע סיביר האָט אַזוי געווירקט אויף די דאַרטיקע יידישע דאָקטוירים, אינזשיניערן, אַדוואָקאַטן, אַז זיי זענען זאַט און פעט געוואָרן און זענען פאַרוואַנדלט גע־וואָרן אין רויקע, פאַרשלאָפענע פּראָווינציעלע בירגער. זייער יידיש האַרץ פלעגט אַ צאַפּל טון בלויז דאַן, ווען עס זענען דערגאַנגען צו זיי ידיעות וועגן אַ יידישן פּאָגראָם, וועגן אַ שריפה אין אַ יידישער שטאָט און אַ הונגער אין אַ יידישער געגנט. און דאַן פלעגט זיך אויף אַ ווײַלע עפענען די ברייטע סיבירער האַנט פאַר נדבות, פאַר מאַטעריעלער הילף, און ווי־דער פלעגט אָנקומען די זאַטע פאַרשלאָפנקייט. דער אינער־לעכער קאַמף, וואָס איז אָנגעגאַנגען אין יידישן פאָלק גופא, די שטרעבונגען און דיפערענצירונגען זענען זיי געבליבן פרעמד, זיי האָבן זיך מיט דעם נישט אינטערעסירט. פון צייט צו צייט בלויז פלעגט זיך צווישן זיי אָנהויבן אַביסל רודערן, — דאָס איז געווען דאַן, ווען עס פלעגן קיין סיביר אַראָפּקומען פאַרשטייער פון געשעפטס־פירמעס, דאָס רוב ליט־ווישע אינטעליגענטע יונגעלייט, און בלייבנדיק דאָרט אַ לענ־גערע צייט, פלעגן זיי אַריינשפּריצן קאַמפער אין דער טויטער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט. מען פלעגט זיך כלומרשט אָנ־הויבן אינטערעסירן מיט יידישע ענינים, צייטווייליק פלעגן זיי אָנגערעגט ווערן מיט די מעשים, פון וועלכע די „ליטוואַ־קעס" פלעגן דערציילן, אָבער... דאָס איז באמת געווען נישט מער ווי כוואַליעס אין אַ גלאָז וואַסער: די ליטוואַקעס פלעגן אַוועקפאָרן, און מיט זייער אַוועקפאָרן האָבן אויך אויפגעהערט די רעגונגען און אינטערעסן, און די זאַטע בירגער פלעגן ווי־דער אַריינפאַלן אין געזעלשאַפטלעכער לעטאַרגיע.

און אַזוי האָט זיך עס געצויגן יאָרנלאַנג ביז יאָר 1914, ווען עס האָט אויסגעבראָכן די וועלט־מלחמה.

---

# VII

## די ענדערונגען צוליב דער מלחמה

דער אויסבּרוך פון דער וועלט־מלחמה האָט אינגאַנצן גע־
ענדערט די לאַגע פון די סיבּירער יידן הן עקאָנאָמיש, הן
סאָציאַל־געזעלשאַפטלעך. די מלחמה האָט פאַרענדערט די יידי־
שע באַפעלקערונג אין סיבּיר אין צאָל און אין אויסערלעכן
אויסזען. דאָס אינערלעכע לעבּן פון די סיבּיריאַקעס, זייער
גאַנצער אַלטער לעבּנס־שטייגער איז רואינירט און צעשטערט
געוואָרן, און עס האָט זיך אָנגעהויבּן שאַפן אַ ניי לעבּן, מיט
נייע פאָרמען, נייע אינטערעסן און אַ גאַנץ אַנדערער לעבּנס־
שטייגער.

ווי באַוווּסט, איז אין משך פון ערשטן מלחמה־יאָר פאַר
די רוסישע יידן אַנטשטאַנען אַ שפּאָגל נייע פּראָבּלעם, — דאָס
פּראָבּלעם פון יידישע פּליטים, היימלאָזע, וועלכע דער טרויע־
ריק־באַרימטער מלחמה־העלד ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש מיט זיין
נישט ווייניקער באַרימטן אַרויסהעלפער יאַנושקעוויטש, האָבּן
פאַריאָגט פון שטעט און שטעטלעך, דערפער און כוטאָרעס,
וווהין זיי זענען נאָר אָנגעקומען מיט זייער שטאַבּ און מיט
זייער מיליטער. נאָך אַלע מלחמה־צרות, וואָס מען האָט גע־
האַט אויסצושטיין אין די געגנטן, וואָס זענען געלעגן נעענטער
צו דער דייטשער גרענעץ (פּוילן, ליטע און טיילווייז ווייס־
רוסלאַנד), נאָך אַלע רויבעריייען, נגישות און רדיפות אויפן
אָרט, פלעגן גאַנצע שטעט און שטעטלעך יידן אַרויסגעשיקט
ווערן אין משך פון 24 שעה. פאַר אַ טייל פלעגן געגעבּן
ווערן פראַכט־וואַגאָנען, און אַ טייל האָט זיך געלאָזן אין וועג
אַריין מיט פערד און וואָגן, און אַנדערע האָבּן זיך געלאָזן
אין גלות־וועג מיטן וואַנדער־שטעקן אין האַנט... אַלע האָבּן
פאַרלאָזן אין די היימען זייער האָבּ און גוטס אויף גאָטס באַ־
ראָט און אויפ יאַנושקעוויטשס חסד, מען האָט זיך
געראַטעוועט מיטן לעבּן (נישט אַלעמען האָט זיך עס איינגע־

געבן), און קליין און גרויס, קראַנקע קימפּעטאָרינס מיט עופּהלעך אויף די הענט — אַלע האָבן זיך געלאָזן אין וועג אַריין, האָבן פאַרפּלייצט וועג און שטעג, נישט וויסנדיק וווהין צו גיין און וואָס פאַר אַ גורל עס דערוואַרט זיי.

קיין געוויסן פּלאַן פאַר די פּליטים האָט די רוסישע רעגירונג נישט באַשטימט.

די קריסטלעכע פּליטים האָבן זיך דערעיקרשט געלאָזן קיין אוקראַינע, און אַ קלענער טייל פון זיי איז אַוועק אויף דער וואָלגע. די יידישע אויסוואַנדערער האָבן לחלוטין נישט געווּסט וווהין זיך צו קערן און צו ווענדן. הילפלאָזע, פּלוצלינג־געוואָרענע בעטלער זענען זיי געוועזן אָנגעוויזן אויף נסים און אויף הילף פון דער יידישער געזעלשאַפט.

די מערדערישע רציחה פון די צאַרישע מיליטער־לייט איז געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז עס איז פאַרבאָטן געווען צו באַגעגענען די פּליטים מיט שפּייז און אַנדערע הילפס־מיטלען. שטייענדיק מיט דער פּראַכט־באַן ביי אַ שטאָט אָפט אַ גאַנצן טאָג, האָט מען די אָרטיקע תּושבים בשום־אופן נישט צוגעלאָזן צו דער באַן מיט עסן און טרינקען פאַר די געצוווּנגענע גלות־לייט, און קליינע קינדער פלעגן ליגן מעת־לעתנווייז פאַרשמאַכטע אָן אַ טרונק וואַסער.

ערשט שפּעטער, ווען דער שטראָם פּליטים האָט דערגרייכט צענדליקער טויזנטער, האָבן זיך אין די ווייטערע שטעט געגרינדעט קאָמיטעטן צו שטיצן די פּליטים. „יעקאפּא" האָט צעשיקט אירע פאָרשטייער איבער גאַנץ רוסלאַנד צו רעגולירן און לינדערן דעם שווערן מצב פון די פּליטים, אָבער אויך דאַן האָט געהערשט אַ כאַאָס אין דעם סדר פון איבערוואַנדערונג, און זייער אָפט האָט געטראָפן, אַז אַ מחנה היימלאָזע, וואָס איז געפאָרן, לויט אַ פאַראָרדענונג, קיין טשערניגאָוו, און איז שוין געשטאַנען מיט טשערניגאָוו אין פאַרבינדונג, איז פּלוצלינג, אָן יעדער התראה, אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין וואָראָניעזש. און אַ גרופּע פּליטים, וואָס האָט זיך געהאַט באַזעצט

אין סיזראַן, איז אָן אַ פּאַרוואָס ‫אַריבערגעשיקט געוואָרן קיין קאַלוגע.

דידאָזיקע סיסטעמאַטישע מלחמה-גירושים האָבן פּאַקטיש אָפּגעשאַפט דעם באַרימטן יידישן תחום אין רוסלאַנד, און ווייל די אַרויסטרייבער האָבן געזאָרגט בלויז וועגן דעם סיסטעם פון אַרויסטרייבן, און האָבן זיך גאָר ווייניק געקימערט איבער דער פראַגע, ווו די אַרויסגעטריבענע צו באַזעצן, האָבן זיך די פּליטים צעזייט און צעשפּרייט איבער שטעט און שטעטלעך פון גאַנץ רוסלאַנד, ווו און וויאַזוי עס האָט זיך נאָר געלאָזן. די ערשטע צייט איז די אַדמיניסטראַציע אויף די ערטער געווען אין גרויס פאַרלעגנהייט, און האָט נישט געוווּסט וואָס צו טון מיט די אָנגעקומענע „זשידעס”. און דעריבער, כּדי פּטור צו ווערן פון דער פאַרלעגנהייט, פלעגן די אָרטיקע סאַטראַפּן שיקן די פּליטים פון אָרט צו אָרט, אָבער די אויפגערעגטע געזעלשאַפטלעכע מיינונג (גאָסודאַרסטווענאַיאַ דומאַ, פּרעסע) האָט סוף-כּל-סוף געצוווּנגען די רעגירונג אַרויסצוגעבן אַ פאַראָרדענונג, אַז די „בעזשענצעס” מעגן זיך צייטווייליק באַזעצן ווו זיי ווילן. דאַן האָבן זיי אָנגעהויבן צו זוכן ווו זיך בעסער צו באַזעצן, און טויזנטער משפּחות האָבן זיך געלאָזן פרייוויליק קיין סיביר. חוץ די, וואָס זענען אַהין אַרויסגעשיקט געוואָרן עטאַפּנווייז.

אַ ריי שטעט זענען גאָר צופעליק און אומדערוואַרט די סיבירער שטעט באַרייכערט געוואָרן מיט אַ באַדייטנדיקע צאָל יידן. אמתע תחום-יידן מיט אַלע זייערע ספּעציפישע הנהגות און לעבנס-שטייגער.

דאָס אָנקומען פון די יידישע פּליטים האָט לחלוטין געענדערט דאָס גאַנצע אויסזען פון דער סיבירער יידישער באַפעלקערונג, און האָט ביזן גרונט אויפגעטרייסלט דאָס אינערעכע לעבן און די פאַרשלאָפענע יידישע געזעלשאַפטלעכקייט זייערע.

דער ערשטער שטראָם פּליטים איז דערעיקרשט באַשטאַנען פון עלטערע יידן, יידענעס און קינדער. דער

יונגער אַרבעטספעיקער עלעמענט איז טיילווייז געווען אויף מלחמה, טיילווייז איז ער געווען פאַרנומען אין צענטראַל־רוסלאַנד און טיף אין „תחום“ מיט פאַרשידענע באַשעפטיקונגען, געשאַפענע דורך דער מלחמה. בלויז אַ גאַנץ קליינער פּראָצענט יונגוואַרג און אינטעליגענץ איז געקומען מיטן ערשטן שטראָם פליטים.

די פאַרלאָרנקייט און נידערגעשלאָגנקייט, די אויסגעמאַטערטקייט פון די אָנגעקומענע פליכטלינגע און זייער הילפלאָזיקייט האָט ביי די סיבירער יידן אַרויסגערופן אַ טיפן געפיל פון רחמנות און מיטלייד. עס האָבן זיך ברייט געעפנט זייערע יידישע הערצער, און אַלע ווי איינער האָבן זיי מיטן גאַנצן ברען זיך אַ וואָרף געטון צו רעטונגס־אַרבעט. עס זענען גלייך געגרינדעט געוואָרן קאָמיטעטן צו באַזאָרגן די אָנגעקומענע מיט דירות, עסן, קליידער און אַלע אַנדערע נויטיקע זאַכן.

אַ גאַנץ היפשע צייט זענען די סיבירער יידן געווען פאַרטון אין דערדאָזיקער רעטונגס־אַרבעט, אָבער לאַנג האָט עס נישט געדויערט; באַלד זענען אַנטשטאַנען זייער ערנסטע פּראָבלעמען פון איינאָרדענען די אָנגעקומענע פליטים אויף שטענדיקן ישוב,—די מלחמה האָט זיך פאַרצויגן, און עס איז שווער געווען פאָרויסצוזען, ווען דאָס וועט זיך ענדיקן, און ווען מען וועט זיך קאָנען אומקערן צו די היימען. די פראַגע איז געווען זייער אַקטועל.

# VIII

## די ניי־אַנטשטאַנענע פּראָבלעמען

ווי אָרעם עס זענען נישט געווען אין יונגע און אינטעליגענטע קרעפטן די פליטים, וואָס זענען אָנגעקומען מיטן ערשטן שטראָם, האָבן זיך דאָך געפונען צווישן זיי אייניקע, וואָס זענען געווען גענוג אַנטוויקלט פאַר יידישער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, וואָס האָבן געהאַט אַ חוש פאַר דעם און אויך אַביסל דערפאַרונג. דידאָזיקע געציילטע יונגעלייט האָבן נישט

נאָר אַרויסגעהאָלפן די פאַרשלאָפענע סיבירער יידן צו אָרגאַניזירן זייער געזעלשאַפטלעך לעבן, נאָר זיי אַליין האָבן עס אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן, ווייל ביז דאַן, ווי געזאָגט, האָט זיך די גאַנצע טעטיקייט פון די סיבירער יידישע קהלות (אויב אַזעלכע זענען געווען), געדרייט אַרום מפטיר-קולטור און בלויז אין די אָנגעשטרענגסטע מאָמענטן — אין ברייטהאַרציקער פילאַנטראָפּיע. דידאָזיקע יונגעלייט, אָפּגעריסענע פון זייערע ערטער, בענקנדיקע נאָך טעטיקייט, האָבן זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבן צוקוקן צום קליינעם אָבער שטאַרק-פאַרוואָרלאָזטן יידישן לעבן אין סיביר, און האָבן זיך כמעט אומבאַמערקבאַר אַריינגעריסן אין די אינערלעכע אינטערעסן פון די יידן, פון זייער קהלה-לעבן און האָבן אַריינגעטראָגן אַ שטראָם ניי לעבן. מיט זייער היציקייט, באַוועגלעכקייט און ליידנשאַפטלעכקייט האָבן זיי אָפּגעמינטערט די פאַרשלאָפענע יידישע תושבים, און עס האָט זיך אָנגעהויבן וועבן עפּעס אַ ניי לעבן.

די גירושים אין די מלחמה-געגנטן האָבן נישט אויפגעהערט. און די כוואַליע האָט דערגרייכט בלויז צו די נעענטערע סיבירער שטעט — סאַמאַרע, טשעליאַבינסק, אופא, אָמסק וכדומה. שפּעטער האָבן זיך די שטראָמען געלאָזן ווייטער און ווייטער. די כוואַליע האָט זיך דערקייקלט אַזש ביזן ווייטן כאַרבין. אַזעלכע שטעט ווי נאָוואָניקאָלאַיעווסק, טאָמסק, מאַריאַנסק, אטשינסק, קראַסנאָיאַרסק, קאַאינסק, אירקוטסק און אפילו דאָס פאַרוואָרפענע מינוסינסק, זענען געוואָרן פול מיט יידישע פליטים.

דער נייער שטראָם אויסוואַנדערער, מיט וועלכע די מיליטערישע מאַכט איז זיך בעתן גירוש באַגאַנגען נאָך אכזריותדיקער ווי מיט די פריערדיקע, האָט געבראַכט מיט זיך נאָך אַ גרעסערע צאָל יונגע, אינטעליגענטע מענטשן, וועלכע האָבן זיך גלייך נאָכן אָנקומען אויפן אָרט, אַ וואָרף געטון אויף געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. זיי זענען טיילווייז געווען געצווונגען צו דעם, — די עקאָנאָמישע לאַגע און די סאָציאַלע פאַרהעלטנישן אויף די נייע ערטער האָט עס געפאָדערט פון זיי, — דער עיקר

אָבער האָט אין זיי געברויזט דער אייביקער אומרו פון יידישע תחום-יונגעלייט, מיט זייער שטענדיקן קאַמף און דיפערענצי-רונג אויף גרופּעס און פּאַרטייען.

די לאַגע איז געוואָרן ערנסט. דאָס גאַנצע בילד האָט זיך געענדערט. אַ שטאָט, וואָס האָט פאַרמאָגט איינגעזעסענע, איינגעפונדעוועטע און פאַרמעגלעכע צוויי הונדערט יידישע פאַ-מיליעס, איז פּלוצלינג פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ יידישער קהלה פון טויזנט פאַמיליעס און אָפּט נאָך מער. אַזאַ קבוץ פאָדערט אָרגאַניזירונג. די אָנגעקומענע האָבן זיך געמוזט באַ-זעצן אויף וועלכן-עס-איז אופן און געפינען באַשעפטיקונג, פּרנסה, חיונה. און עס איז געווען קלאָר, אַז אויף אַ פּריוואַטן שטייגער וועט עס זיין אוממעגלעך, ווי ברייטהאַרציק די אָר-טיקע תושבים זאָלן נישט זיין. גלייכצייטיק איז אַנטשטאַנען אַ פראַגע, וואָס צו טון מיט די אָנגעקומענע קינדער, ווו זיי צו דערציען, לערנען, וויאַזוי צו באַזאָרגן די עלטערע יידן מיט זייערע הצטרכותן א. א. וו. הכלל, ס'איז געוואָרן קלאָר, אַז מען מוז אָרגאַניזירן דאָס געזעלשאַפטלעכע יידישע לעבן, און קודם-כל האָט מען זיך גענומען צו אָרגאַניזירן די קהלות. און אין דערדאָזיקער אָרגאַניזירונגס-אַרבעט האָבן די יונגע פּליטים געשפּילט די הויפּט-ראָלע. די עקזיסטירנדיקע קהלות מיט זייער מנוחהדיקן פאַרשלאָפענעם לעבנס-שטייגער האָבן זיי לחלוטין רעוואָלוציאָניזירט; עס זענען אויפגעקומען גאַנץ נייע, ביז איצט פאַר די סיבירער יידן, אומבאַקאַנטע פראַגען, ווי יידישע שולן, קינדער-היימען, קינדער-גערטנער, אַרבעטער-קלובן יכדומה.

די תושבים זענען אַביסל צעטומלט געוואָרן פון דער נייער אומבאַקאַנטער אַרבעט, און האָבן עס ביסלעכווייז איבער-געלאָזן פאַר די פּליטים.

דר. א. מוקדוני, וועלכער איז אַ געוויסע צייט געווען אַ באַפולמעכטיקטער פון „יעקאָפּא״ צו באַזאָרגן די מלחמה-פּליטים, און האָט באַזוכט אייניקע נעענטערע סיבירישע שטעט, דער-ציילט אין זיינע זכרונות, אַז:

„די פּליטים האָבן אינגאַנצן רעוואָלוציאָניזירט די אָרטיקע קהלות, קודם-כּל האָבן זיי פאַריידישט זיי. די שטילע יידישע ישובים אין די רוסישע שטעט זענען געוואָרן רוישיקע און ברויזיקע קבוצים, עס זענען אויסגעוואַקסן שולן, קינדער-היימען, פאַרשידענע קלובן און פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס. די שטילע און רויקע „ניקאָלייעווער" זענען אויך געוואָרן פאַרהאַוועטע, פאַרשמייעטע און טומלדיקע יידן. ביים אויסברוך פון דער ערשטער רעוואָלוציע, האָט סאַמאַרע (אַ שטאָט אויף דער וואָלגע, נישט ווייט פון דער סיבירישער גרענעץ) געהאַט אַ גרויסן יידישן ישוב פון לערך צוואַנציק טויזנט מענטשן, מיט עטלעכע שולן פאַר אַכט הונדערט קינדער, קינדערהיימען פאַר עטלעכע הונדערט קינדער, אַן אַרבעטער-קיך, איין אַרבעטער-קלוב, אַ ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, אַ בונדיסטישע, אַ פּועלי-ציוניסטישע און אַן אָרגאַניזאַציע פון „פאַרייניקטע". אין סאַמאַרע איז באַלד געגרינדעט געוואָרן אַ קהלה אויף דעמאָקראַטישע יסודות, און ווי אַלע אמתע יידישע קהלות אין תּחום, האָט זי נישט געקאָנט צוקומען צו פּאַקטישער אַרבעט צוליב די פּרינציפּיעלע פראַגן פון רעליגיע און שפּראַך. אין דער סאַמאַרער קהלה זענען די פּאַרטיי-גרופּירונגען געווען אַזוי אומגליקלעך, ווי אין אַלע יידישע שטעט. האָט מען חדשים-לאַנג נישט געקאָנט קומען צו אַן אויסגלייך. די אָרטיקע יידן זענען עפּעס געוואָרן מבולבל. אין אָנהויב יאָר 1918 זענען שוין די פּליטים געווען באַלעבאַטים אין דער גרויסער שול. זיי זענען געווען דאָרט די גבאים, האָבן אָנגעפירט מיט אַלע געזעלשאַפטלעכע אַנשטאַלטן. זיי זענען אויסגעוויילט געוואָרן אין שטאָט-דומע, האָבן זיך פאַרבונדן מיט די לינקע פּאַרטייען און דורכגעפירט מיט זיי די ערשטע רעוואָלוציע. נאָר אַ קליינער טייל פון אַלטגעזעסענע, יחידים כּמעט, האָבן זיך אינגאַנצן אַסימילירט מיט די אָנגעקומענע און אַריינגעוואָרפן זיך מיט זיי אין ברויזנדיקן שטורמישן לעבן פון דערדאָזיקער עפּאָכע".

צוזאַמען מיט דער אויסערלעכער ענדערונג פון יידישן ישוב, האָבן זיך אויך געענדערט די אינערלעכע פאַרהעלטענישן.

אָנשטאָט אַ רויק און שטיל פּריוואַט לעבן, האָט זיך אָנגעהויבן אַ געזעלשאַפטלעך לעבן מיט נייע מענטשן און נייע באַגריפן. די סאָציאַל-עקאָנאָמישע לאַגע פון די סיבירער יידישע תּושבים האָט זיך גרינטלעך געענדערט. די אָנגעקומענע כוואַליע פון פרישע כּוחות האָט לחלוטין צעטרייסלט דעם זיכערן באַדן פון די אַלטע תּושבים. זוכנדיק חיונה, האָבן די פּליטים זיך אָנגעהויבן צוצוקוקן צו די אָרטיקע מסחרים און באַדינגונגען און ביסלעכווייז האָבן זיי זיך גענומען צו מסחר, צו פאַרשידענע געשעפטן, וועלכע זיי האָבן צוליב. דער מלחמה-סיטואַציע, אַנטוויקלט אין אַ באַדייטנדיקער מאָס דער סיבירער ייד איז נישט געוווינט געוואָרן צו ווינט-געשעפטן, דעריבער איז זייער אַנטוויקלונגס-קראַפט אויף דעם געביט אַ שוואַכע. די פּליטים אָבער זענען געווען מסתּפּקים במועט, האָבן זיך באַגנוגנט מיט קליינע פּרנסות, דעריבער האָבן זיי זיך גענומען צו געשעפטן, צו וועלכע די תּושבים וואָלטן קיינמאָל זיך נישט נעמען. ברענגענדיק מיט זיך דעם מסחר-גייסט פון תּחום, האָבן זיי אין אַ קורצער צייט אַנטוויקלט באַדייטנדיקע צווייגן פון מסחר, און ביסלעכווייז האָט זיך אויך גענומען שאַפן אַ קאָנקורענץ, וואָס האָט אַרויסגעיאָגט די רויקע סיביריאַקעס פון זייער הרחבה-מנוחהדיקן צושטאַנד. זיי האָבן זיך שוין אָנגעהויבן צוצוקוקן צו די פּליטים מיט זייער טעטיקייט און האָבן פיל פון זיי געלערנט. דאָס באַטראַכטן די רוסישע יידן אַלס נידעריקערע פון זיך איז פאַרשוווּנדן. די פּליטים האָבן אָנגעהויבן פאַרנעמען אַ חשובן פּלאַץ אין יידישן לעבן בכלל, און אין געזעלשאַפטלעכן לעבן האָבן זיי כּמעט שטענדיק פאַרנומען דעם אויבנאָן.

אַלץ איז אויסגעגלייכט געוואָרן, אַ גרויסער טייל פון די סיבירער יידישע תּושבים זענען געוואָרן יידן מיטן גאַנצן ברען, און אַזוי אַרום איז אויך דאָס אינערלעכע געזעלשאַפטלעכע לעבן רעוואָלוציאָניזירט געוואָרן. אַלע גייסטיקע און קולטורעלע באַדערפעניש האָבן באַדאַרפט באַפרידיקט ווערן נישט נאָר דורך פּריוואַטע נדבות, נאָר דורך אַ זעלבסטבאַשטייערונג,

דורכגעפירט דורך די קהלות; צו דעם צוועק זענען געווען באַשטימט פאַרשידענע קאָמיסיעס און קאָמיטעטן, וועלכע האָבן געטון די אַרבעט. און אויך זענען די גייסטיקע און קולטורעלע הצטרכותן געוואָרן גאַנץ אַנדערע: די מפטיר- און אתה-הראית-קולטור איז פאַרביטן געוואָרן אויף מאָדערנער יידישקייט. דער חדר מיטן „ווינרעכט פריווילעגירטן" מלמד, וואָס איז געווען פאַרוואָרפן ערגעץ אין אַ הינטערגעסל, ווו מען האָט געלערנט מפטיר-יידישקייט, איז פאַרביטן געוואָרן לפּחות אויף אַ מאָדערנער תלמוד-תורה, עס איז פאַרשפּרייט געוואָרן אַ נעץ יידישע וועלטלעכע פאָלקס-שולן, עס האָבן זיך געעפנט פאַרשידענע קולטור-קלובן מיט ביבליאָטעקן א. א. וו. ביי די סיבירער יידן האָט זיך אויפגעוועקט דער נאַציאָנאַלער באַוווסטזיין, און דער אַלטער לעבנס-שטייגער האָט אָנגעהויבן פאַרווישט צו ווערן.

דורכמאַכנדיק אָבער דידאָזיקע ענדערונג פלוצלינג, אונטערן דרוק פון אויסערלעכע כוחות און סיבות און נישט דורך אינערלעכן קאַמף, נישט דורך דער עוואָלוציאָנירונג פון באַוווסטזיין, זענען די סיבירער יידן אין זייער מאָדערניזם אויך געווען שאָוויניסטיש, אַזוי-צו-זאָגן. פאַר זיי האָט נאַציאָנאַלער באַוווסטזיין געהייסן—ציוניזם. און כאַראַקטעריסטיש איז, אַז כמעט אַלע סיבירער „דערוואַכטע" יידן זענען געווען ציוניסטיש געשטימט. זיי האָבן זיך קיין קלאָרן דין וחשבון וועגן דעם ציוניזם נישט אָפּגעגעבן. אָפּגעריסענע פון צענטער זענען זיי געווען זייער שוואַך אָריענטירט אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, און פונקט ווי דאָס יידישקייט זייערס איז געווען עם-הארצותדיק, אַזוי איז אויך זייער ציוניזם געווען אַ בלינדער, אומבאַוווסטזיניקער. עס איז זיי געווען נאָענט צום האַרצן די אידעע פון „אַן אייגן יידיש לאַנד" (הגם קיין איינער פון זיי וואָלט נישט פאַרלאָזן דאָס פרעמדע סיביר און וואָלט נישט געפאָרן אין דעם „אייגן לאַנד"). פיל האָט פאַר דעם, נאַטירלעך, אויפגעטון דער ליבהאַרציקער מיליטערישער רעזשים, פון וועלכן יידן זענען רואינירט געוואָרן, און וועלכער האָט בכלל געמאַכט אַ חורבן פון יידישן לעבן אין רוסלאַנד. די רעזולטאַטן

פון דעם חורבן האָבן די סיבירער יידן דערזען באַשיינפּערלעך מיט זייערע אויגן, און דאָס האָט אויפגעוועקט אין זייערע הערצער אַ הייס געפיל פאַר אַ מקום.מנוחה פאַר זייערע פאַר־פאָלגטע ברידער, און דאָס לייכטסטע און פשוטסטע פאַר דעם איז געווען דער געדאַנק פאַר „אַן אייגן לאַנד", און דאָס מיינט ציוניזם.

די ציוניסטישע נטיות זייערע זענען, נאַטירלעך, נישט אַזוי לייכט פאַרווירקלעכט געוואָרן און נישט אַזוי גלאַטיק אַדורך. זיי האָבן געהאַט גענוג צו דיסקוטירן, צו זינגען און צו זאָגן מיט די פאַרשידענע אַנדערע סאָציאַל־פּאָליטישע גרופּי־רונגען, וואָס האָבן זיך דיפערענצירט צווישן דער יידישער באַפעלקערונג. די סיבירער יידן מיט די ציוניסטישע נטיות, האָבן זיך נישט נאָר לייכט געקאָנט פונאַנדערקלייבן אין דעם חילוק צווישן סתם ציוניזם, פּועלי־ציוניסטן און רעכטע און לינקע צווישן זיי. עס איז זיי נישט גרינג אָנגעקומען צו אָריענ־טירן זיך אין דעם. נאָך מער האָבן זיי געהאַט אויסצושטיין מצד די בונדיסטן און אַנדערע סאָציאַליסטן, וואָס זענען גע־ווען אין אַ היפשער צאָל צווישן די פּליטים. דער געזונטער, פשוטער, נישט פשטלדיקער סיביריאַק האָט נישט געקאָנט באַ־גרייפן, צוליב וואָס קומען פאַר די רייסערייען, אין וואָס אייגנטלעך באַשטייען די חילוקי דיעות פון די גרופּירונגען א. א. וו. און האָט עס טאַקע אַזוי נישט פאַרשטאַנען ביז דער בירגער־קריג און די באָלשעוויסטישע איבערקערעניש האָבן בכלל געמאַכט אַ סוף צו דער יידישער קולטור־אידיליע אין דער ווייטער געגנט מיט דער ניי־אַנטשטאַנענער יידישער באַפעל־קערונג.

## IX

## באַציונג מצד דער קריסטלעכער באַפעלקערונג

די פאַרגרעסערונג פון דער יידישער באַפעלקערונג אין די סיבירישע שטעט, וואָס האָט אין אָנהויב 1916 דערגרייכט

איר קלימאַקס. די רווישיקייט, טומלדיקייט און האַוועניש, וואָס די יידישע פליטים האָבן מיט זייער אָנקומען אַריינגעבראַכט אין יידישן לעבן האָט, נאַטירלעך, געווירקט אויף דער אַרומיקער קריסטלעכער באַפעלקערונג. אויף די יידישע שכנים און מיטוווינער. סיבירער קריסטן האָבן אַזעלכע יידן נישט געקענט. די אָרטיקע יידן זענען געווען אַסימילירט און זענען לחלוטין נישט ענלעך געווען צו די ניי־אָנגעקומענע. פאַר זייערע אויגן איז געשטאַנען אַ גאַנץ־נייער מין מענטש, עפעס אַן אומרויק באַשעפעניש. שטענדיק אַ פאַרשמייעטע אַ לויפנדיקע, אַ צעשראָקענע.

צוערשט האָבן זיי, די קריסטן, אָנגעקוקט מיט חידוש, אָבער מיט רחמנות: דאָך לעבעדיקע באַשעפענישן, פאַריאָגטע, צעפלאָגטע. זיי האָבן זיי אַרויסגעוויזן פריינטלעכקייט אויפן סיבירישן שטייגער און ווי אַ רויקער תושב טוט עס מיט אַ פאַרוואָגלטן. זיי האָבן זיך אינטערעסירט מיט באַזאָרגן דירות פאַר די פליטים, האָבן זיי געהאָלפן אָריענטירן זיך אין שטאָט, אַרויסגעהאָלפן מיט אַן עצה א. אַ וו.

שפעטער אָבער, ווען די מאַסע פליטים האָבן זיך שטאַביל באַזעצט אין די שטעט און האָבן אויפן יידישן טומלדיקן שטייגער זיך גענומען צו באַשעפטיקונגען, האָט זיך די לאַגע אַביסל געענדערט, די באַציונגען צו אָנגעקומענע יידן איז געוואָרן עטוואָס אַן אָנגעצויגענע. די סיבירער באַפעלקערונג איז לחלוטין נישט געוווינט צו אַזאַ אינטענסיווער באַוועגלעכקייט, ווי די פליטים האָבן אַרויסגעוויזן. עפעס האָט זיך אין זייערע שטילע גאַסן צו ראַש אָנגעהויבן באַוועגן, עפעס האָבן זיי אַריינגעבראַכט אַ טומל אין זייער שטיל לעבן, און דאָס האָט אַרויסגערופן ביי די תושבים אַ טשיקאַווע פאַרוווּנדערונג און אַ פאָרזיכטיקייט אין דעם חברן זיך מיט זיי.

ווייט איז עס אָבער נישט געגאַנגען, די שנאה און האַס צום יידן, וואָס די שוואַרץ־מאהניקעס האָבן געטריבן אין רוסלאַנד, איז צו סיביר נישט דערגאַנגען, אויך די ספעציעלע יידן־העצע, וואָס די רוסישע שלימזלדיקע מיליטערישע קליקע האָט

אַנטוויקלט אין צייט פון מלחמה, כּדי צו דעקן מיט דעם די
שרעקלעכע מפּלות זייערע, האָבן אויך צו סיביר נישט דער-
גרייכט. די סיבּירער סאָלדאַטן, וואָס פלעגן זיך אומקערן פון
פראָנט אַהיים אויף אָפּרו, פלעגן עפּעס יאָ דערציילן וועגן
„זשידעס", וואָס פאַראומגליקלעכן רוסלאַנד און זענען אַלע
שפּיאָנען לטובת די שונאים, אָבער אין דער פאַנטאַזיע פון די
סיבּירער תּושבים זענען עס געווען נישט קיין פּשוטע לעבע-
דיקע מענטשן, נאָר עפּעס ווילדע בּרואים און רויטע, סמבּטיון-
יידלעך. קיין קלאָרע פאָרשטעלונג וועגן זיי האָט קיינער נישט
געהאַט, און דעריבער האָבן זיי אויך קיין לעבעדיקע, קאָנקרע-
טע באַציונג צו דעם נישט געהאַט און ממילא אויך קיין שנאה
נישט.

בכלל דאַרף באַצייכנט ווערן, אַז פון אַנטיסעמיטיזם אין
די פאָרמען, וועלכע זענען באַקאַנט אין רוסלאַנד און אייראָ-
פּע, האָט סיביר קיינמאָל נישט געוווּסט. עס זענען פאַר דעם
פּשוט קיין סיבּות נישט געווען. קיין עקאָנאָמישע קאָנקורענץ
האָט דאָ נישט עקזיסטירט, דאָס לאַנד איז גענוג רייך, גרויס
און פעט, אַזוי אַז פאַר אַלעמען איז געווען גענוג פּרנסה און
חיונה, איינער איז דעם אַנדערן אין וועג נישט געשטאַנען, זיין
פּרנסה נישט אָפּגענומען, דעם בּיסן פון מויל נישט געריסן, ווי
דאָס איז געווען אין תּחום, למשל. די קריסטלעכע אינטעלי-
גענץ, אַ טיף-פּראָווינציעלע, אַ פאַרזונקענע אין אירע קליינע
פּראָווינציעלע אינטערעסן, האָט פון קיין נאַציאָנאַלן האַס בכלל
נישט געוווּסט, האָט זיך געחברט מיט דער אַזוי-גערופענער
יידישער אינטעליגענץ, ד. ה. מיט דעם רייכן קלאַס, האָבן צו-
זאַמען געשפּילט אין קאָרטן און פאַרנומען זיך מיטן ווילטעטי-
קייט. אַזוי אַרום האָט זיך אויף אַלע געביטן געשאַפן אַ פריינט-
לעכע באַציונג צווישן די קריסטן און יידן, און קיין שפּור פון
אַנטיסעמיטיזם איז דאָרט נישט געווען. אגב, דאָס לעבן פון די
אָרטיקע יידן האָט זיך ווייניק-וואָס אונטערשידן אויסערלעך
פונם לעבן פון די קריסטן. דיזעלביקע ברייטקייט און זאָרגלאָ-
זיקייט, די זעלביקע קליידונג, כּמעט; האָט דאָס טאַקע מיטגע-

האָלפן דער דערנעענטערונג און האָט נישט געלאָזן קיין פלאַץ פאַרן קינסטלעכן אַנטיסעמיטיזם. די איינציקע, וואָס זענען „מחויב" געווען צו זיין אַנטיסעמיטן, זענען געווען, ווי איך האָב אָנגעוויזן אין אַן אַנדער קאַפיטל, די טשינאָווניקעס. זיי האָבן זיך צוגעהערט צו די ווינטן, וואָס בלאָזן פון צענטער און האָבן אויף דעם געבויט זייערע קאַריערעס. דערדאָזיקער אָפיציעלער, אַזוי צו זאָגן, אַנטיסעמיטיזם האָט טאָקע די ערשטע צייט געשאַפן פיל אומאַנגענעמלעכקייטן ביי דער רעאָרגאַניזירונג פון די יידישע קהילות, ביי דער עפענונג פון נייע שולן, אַרבעטער-קלובן וכדומה, אָבער סוף כל סוף איז מען די שוועריקייט אויך בייגעקומען, און עס איז אַלץ געגאַנגען בהדרגה.

דער נייער אַרט לעבן, וואָס די פליטים האָבן אַריינגע-בראַכט, האָט מיט זיין אומגעוויינלעכקייט אַביסלצוריקגעהאַלטן די קריסטלעכע באַפעלקערונג, און אַזוי ווי די אָרטיקע יידן האָבן זיך אויך אַריינגעוואָרפן אין נייעם לעבנס-שטייגער, האָבן זיי די ערשטע דערשפירט אויף זיך די צוריקגעהאַלטנקייט פון די קריסטלעכע שכנים. אין איינציקע ערטער האָט זיך עס אפילו געלאָזט שפירן אויף די געשעפטס-פאַרהעלטענישן (קראַסנאָיאַרסק, מאַריאינסק, מינוסינסק). אָבער קיין טיפע ווירקונגען האָט עס דאָך נישט געהאַט, און אַלץ איז געגאַנגען כשורה.

אַנדערש איז געווען די לאַגע צווישן די מיליטערישע טיילן, וואָס זענען געשטאַנען אין די סיבירער שטעט. דאָרט איז עפנטלעך און פרעך געפירט געוואָרן אַ יידן-פרעסערישע העצע, וועלכע האָט געבראַכט צו צוזאַמענשטויסן נישט פון לאָקאַלן, נאָר פון אַלגעמיינעם כאַראַקטער.

מיר אַליין איז אויסגעקומען בייצוווינען אַ טראַגישן צוזאַמענשטויס צווישן אַ יידישן פרייוויליקן (וואָלנאָ-אָפרעדע-ליאַיושטשי) און אַ יונג, פיפיקן רוסישן אָפיציר.

געווען איז עס אין יאָר 1916 אין קראַסנאָיאַרסק.

אַן אָרטיקער יונגערמאַן, פון אַ פאַרמעגלעכער חשובער פאַמיליע, מיטן נאָמען פעלדמאַן, האָט געענדיקט רעאַל-שולע, און איידער ער האָט באַדאַרפט אָנקומען אין טעכנאָלאָגישן

אינסטיטוט, האָט ער זיך געוואָלט אָפּפּאַרטיקן מיט זיין מיליטער דינסט און האָט זיך אָנגעגעבן אַלס פרייוויליקער אין אָרטיקן גאַרניזאָן. זיין דירעקטער נאַטשאַלניק איז געווען אַ יונגער מלחמה־אָפיצירל, אַ פּוסטער פּראַנט, אַ בעל־גאווה און אַ פּרעכער שרעקלעכער אַנטיסעמיט. פעלדמאַן איז געווען אַ שיינער געזונטער און סימפּאַטישער יונגערמאַן, און איין גאָט ווייסט, פאַרוואָס ער האָט נישט נושא־חן געווען ביי זיין נאַטשאַלניק. דאָס אָפיצירל האָט זיך אָן שום סיבות גענומען טשעפּען און בינדן צו פעלדמאַנען. עס איז נישט דורכגעגאַנגען קיין טאָג, ער זאָל אים נישט מאַכן קיין עפנטלעכע סקאַנדאַלן, נישט באַשטראָפן מיט עפּעס, אָדער מבזה זיין פאַר לייטן, נישט קוקנדיק דערויף, וואָס ער איז געווען איינער פון די בעסטע פרייוויליקע. ער איז אַזוי דערגאַנגען פעלדמאַנען דאָס לעבן, אַז פעלדמאַן האָט זיך אָנגעהויבן משתדל צו זיין, מען זאָל אים איבערפירן אין אַן אַנדער שטאָט.

און דאָ האָט פּאַסירט אַזוינס, וואָס האָט איינגאַנצן צעבראָכן פעלדמאַנס יונג לעבן. דאָס אָפיצירל האָט זיך דערוווּסט פון פעלדמאַנס השתדלות וועגן אַריבערפירן אים אין אַן אַנדער שטאָט, ער האָט זיך לייכט אָנגעשטויסן אויף די סיבות, וואָס האָבן אים צו דעם געצווּנגען, און איז שרעקלעך אויפגעבראַכט געוואָרן אויף דעם פרעכן „זשיד“, וואָס וויל זיך ווערן פון זיינע נגישות און רדיפות. די חיה האָט זיך אויפגעוועקט אין דעם אָפיצירל, און ער האָט בשום אופן נישט געוואָלט אַרויסלאָזן דעם קרבן פון זיינע הענט.

אין אַ שיינעם ווינטערדיקן פרימאָרגן איז פעלדמאַן געקומען צו זיין דינסט־פּלאַץ און האָט זיך פאַרנומען מיט זיין אַרבעט. באַלד איז אָנגעקומען דער אָפיציר און האָט אויפגעפאָדערט פעלדמאַנס אָפּטיילונג צו מיליטערישע איבונגען. באַוואָפנט איז די אָפּטיילונג אַרויס אויפן איבונגס־פּלאַץ, האָט זיך אויסגעשטעלט אין רייען און געוואַרט אויף קאָמאַנדע. מיטאַמאָל איז דער אָפיציר צוגעגאַנגען צו פעלדמאַנען מיט קולות, אַז ער איז שלעכט אָנגעטון און באַוואָפנט און האָט

אים פאַרשאָטן מיט אַ האָגל זידל-ווערטער פון עכט-רוסישן לעקסיקאָן.

— איך וועל דיר ווייזן, דו... ווי אַזוי צו אַנטלויפן פון מיר אין אַן אַנדער שטאָט! אָדערן וועל איך פון דיר ציען, די זשיד אייגער, איך וועל אייך ווייזן, וויאַזוי רוסלאַנד צו פאַר-קויפן!

און ווידער אַ האָגל זידל-ווערטער פון מיאוסטן סאָרט.

דידאָזיקע יעזואיטישע אינקוויזיציע האָט געדויערט כמעט אַ שעה. פעלדמאַן איז געשטאַנען ווי אויף גליענדיקע קוילן, עס האָט ביי אים געפּלאַצט דאָס געדולד. ער האָט זיך מער נישט געקאָנט קאָנטראָלירן, און אַז דאָס פּיפּיקע אָפיציערל איז ווידער צוגעשטאַגען צו אים מיט אַ פרישע פּאָרציע נגישות און זידלע-רייען, האָט ער אים דערלאַנגט אַ פראַסק אין פּנים מיט אַזאַ קראַפט און אימפּעט, אַז דאָס אָפיציערל איז אַ צעטומלטער און פאַרלוירענער אָפגעשפּרונגען פון אים אין איז געבליבן שטיין, נישט וויסנדיק וואָס צו טון. דער עפעקט איז געווען אַן אומער-וואַרטעטער און גוואַלטיקער, פעלדמאַן האָט אַ געשריי געטון:

— איך האָב געפּאַטשט מיין אָפיציער אין דער צייט, ווען ער האָט דערפילט זיינע הייליקע פליכטן, אַרעסטירט מיך, משפּט מיך, וואָס שטייט איר אַזוי פון דערווייטנס?...

פון פעלדמאַנס אויסגעשריי איז דאָס אָפיציערל געקומען צו זיך און שטיל, אָן אַ וואָרט אויסצורעדן (פאַר חרפּה מס-תּמא) האָט ער פעלדמאַנען אַרעסטירט און מען האָט אים גלייך אַוועקגעשיקט אין מיליטערישער טורמע.

די ידיעה וועגן דעם טרויעריקן אינצידענט האָט זיך בליץ שנעל צעטראָגן איבער דער שטאָט, און עס האָט זיך אָנגע-הויבן רודערן: וואָס טוט מען? — וויאַזוי ראַטעוועט מען דעם יונגן פעלדמאַן? וויאַזוי רייסט מען אַרויס אַ יונג לעבן פון די נעגל פון זיכערן טויט? קראַסנאָיאַרסק איז געווען אין יענער צייט אין מיליטערישן צושטאַנד, און אַ טויט-אורטייל איז גע-ווען אומפאַרמיידלעך. עס האָבן זיך אָנגעהויבן השתדלותן אין די הויכע פענסטער. קודם-כּל האָט מען תּיכּף דאָס פּיפּיקע אָפי-

ציערל משלח געווען אין אַן אַנדער שטאָט, כּדי דאָס פייער זאָל אַריבער. דאַן האָט מען געפועלט, אַז דער משפט איבער פעלדמאַנען זאָל פאָרקומען נישט אין קראַסנאָיאַרסק, נאָר אין אירקוטסק, וואָס וואָלט אָפּגעשוואַכט די אויפגעבראַכטקייט פון די אָרטיקע מיליטער-לייט, און דער משפט וועט מעגלעך זיין אַ מער מילדערער. שפּעטער האָט מען זיך משתדל געווען אַ דערלויבעניש צו שטעלן אַ פּריוואַטן פאַרטיידיקער מצד פעלדמאַנען. דאָס אַלץ האָט געקאָסט גרויס געלט, אָבער מען האָט אַלץ געפועלט,—מען האָט דעם „פאַרברעכער" איבערגע־שיקט אין אירקוטסקער טורמע, און באַלד איז פאָרגעקומען דער משפט.

קיין זאַך האָט נישט געהאָלפן, — נישט דער פּריוואַטער פאַרטיידיקער, נישט דאָס געמשפּט ווערן אין אַן אַנדער שטאָט. די מיליטערישע ריכטער האָבן נאָך אַ לאַנגן ישוב-הדעת אַרויס־געטראָגן אַ טויט-אורטייל פאַר פעלדמאַנען.

די עלטערן און דער פאַרטיידיקער האָבן גלייך אַוועקגע־שיקט אַ בקשה צו ניקאָלאַי דעם צווייטן, ער זאָל באַגנעדיקן דעם פאַרמשפּטן. אָבער דאָ זענען אָנגעקומען די פעברואַר-גע־שעענישן, עס האָט אויסגעבראָכן די ערשטע רעוואָלוציע, און די לאַגע האָט זיך אינגאַנצן געענדערט: ניקאָלאַי דער צווייטער איז געוואָרן אויס קאַפּעליוש-מאַכער און איז אַרעסטירט גע־וואָרן, און דער אַרעסטירטער און צום טויט-פאַרמשפּטער פעלד־מאַן איז אויפן פּשוטן אופן באַפרייט געוואָרן פון טויט-געפאַר און פון טורמע.

דידאָזיקע געשעעניש האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אויף דער קראַסנאָיאַרסקער באַפעלקערונג, ווי אויף יידן, אַזוי אויך אויף קריסטן. די לעצטע זענען געווען מבולבל פון דער געשעעניש, אָבער האָבן געגעבן גערעכט פעלדמאַנען. דער עיקר האָט זיך צו דעם אַזוי פאַרהאַלטן די ציווילע באַפעל־קערונג.

ווי מען גיט איבער, זענען אַזעלכע פאַלן פאָרגעקומען אין סיביר עטלעכע, און אויך די אומגעוויינלעכע פאַלן האָבן

נישט געמאַכט קיין שלעכטע ווירקונג אויף באַציונגען צווישן דער קריסטלעכער באַפעלקערונג און די יידן.

## X

## טיפּן און געשטאַלטן

דאָס נייע לעבן, וואָס די מלחמה־פּליטים האָבן אַריינגע־בראַכט מיט זייער אָנקומען אין סיביר, האָט געמאַכט אַ פּסיכאָ־לאָגישע איבערקערעניש ביי פיל פון די סיבירער יידן. געזונ־טע, פּשוטע מענטשן, האָבן זיי זיך מיט אַ קינדערישער באַ־גייסטערונג אַריינגעוואָרפן אין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, און אייניקע פון זיי האָבן זיך אַרויסגעוויזן אַלס זייער אָנגעזעענע און וויכטיקע כלל־טוער. איך האָב געהאַט די געלעגנהייט צו באַאָבאַכטן עטלעכע אַזעלכע סיבירער יידישע כלל־טוער, נישט קיין טומלער און כבוד־זוכער, נישט קיין טראַדיציאָנעלע פאַר־זיצער אויף אַלע קהלשע חתונות, נאָר אויפריכטיקע, שטילע און אין דערזעלביקער צייט התלהבותדיקע געזעלשאַפטלעכע טוער פון גרויסן מאָראַלישן ווערט. אַזעלכע האָב איך געטראָפן אין מינוסינסק, אטשינסק, קראַסנאָיאַרסק און מאַריאַנסק, דערעיקר אָבער אין קראַסנאָיאַרסק, וועלכע איז די גרעסטע שטאָט אין דער געגנט און די רעזידענץ פון יעניסייסקער גובערנאַטאָר.

קראַסנאָיאַרסק, אַ שטאָט, וואָס ליגט אויפן טייך יעניסיי און ביי דער באַן, האָט ביז דער מלחמה פאַרמאָגט אַ באַפעל־קערונג פון 30—35 טויזנט איינוווינער. צווישן זיי—קנאַפּע אָנ־דערהאַלבן טויזנט יידן (לויט דער ציילונג פון יאָר 1897 האָבן זיך אין קראַסנאָיאַרסק צו יענער צייט געפונען 1,137 יידן).

אין דער צייט, וועגן וועלכער איך רעד, דאָס הייסט אין סוף 1915טן יאָר, האָב איך געטראָפן אין קראָסנאָיאַרסק איבער טויזנט פאַמיליעס פּליטים, און בסך־הכל האָט זיך דאָרט געשאַפן אַ קבוץ פון איבער זיבן טויזנט יידישע נפשות, וואָס עס מיינט באַלד אַ פערטל פון דער גאַנצער באַפעלקערונג.

עס האָט זיך אין קראַסנאָיאַרסק אָנגעהויבן אַ פיבערהאַפטע

יידישע טעטיקייט, עס זענען באַלד באַשאַפן געוואָרן צוויי יידי־
שע שולן, אַ תלמוד־תורה אויפן מאָדערנעם אופן, אַ ביבליאָטעק,
אַ קינדער־גאָרטן א. א. וו.

דאָס האָט אַלץ, פאַרשטייט זיך, געטון די באַנייטע און
רעאָרגאַניזירטע קהלה, אָבער... מיט די הענט און אין גאָר אַ
גרויסער מאָס מיט די מיטלען פון עטלעכע פּערזאָן, צווישן
וועלכע דער אָנפירער איז געווען אַ לעבעדיקער, לוסטיקער יונ־
גערמאַן מיטן נאָמען קאָראָט.

# קאָראָט

די משפחה קאָראָט שטאַמט פון די „סתם־יידן", וואָס האָבן
זיך אַמאָל אַריבערגעפּעקלט קיין סיביר און זענען נאָך לאַנגע
מאַטערנישן דאָך געבליבן איינגעבירגערטע תושבים. פון דער
גאַנצער משפּחה איז געבליבן בלויז דער יונגערמאַן קאָראָט
מיט צוויי שוועסטער, פון וועלכע איינע וווינט אין כאַרבין
און די אַנדערע, אַ יונגע אלמנה, געפינט זיך מיט אים און
העלפט אים אין זיינע געשעפטן. אויסגעוואַקסן אין דער סיבי־
רער רחבות, צווישן ווילדע טייגעס און סטעפּעס, איז קאָראָט
געווען אַ דרייסטער, שטאַלצער געוואַגטער יונג, און אין דער־
זעלביקער צייט האָט פון אים אַרויסגעשטראַלט אַ צאַרטע יידישע
ווייכקייט, אַ פרומע עניוות. יעדעס יידישע אומגליק האָט זיך
ווי אַ שווערער שטיין געלייגט אויף זיין האַרצן. יעדע יידישע
פּיין האָט פאַרטרערט זיינע מילדע אויגן. אַ גוטער איז ער גע־
ווען, אַ גוטער און אַ קלוגער, אַ שטאָלצער און אַן עניו, אַ
שטרענגער סוחר מיט אַלע לאָגישע קאָנסעקווענצן, און אַ פזרן
אָן צאָל און רעכנונג. זיין הויז און זיין האַנט זענען געווען
שטענדיק אָפן פאַר היימלאָזע און נויטבאַדערפטיקע. נאָך אַ יונ־
גער (ערך דרייסיק יאָר אַלט), האָט ער געשפּירט דעם צווייטנס
צער ווי אַ מענטש, וואָס האָט אַליין דורכגעמאַכט זייער פיל,
ווי אייגער, וואָס האָט פיל געלערנט פון לעבן.

קאָראָט איז געווען אַ בן־יחיד, און, ווי ער אַליין דער־

ציילט, האָט זיין מוטער אים זייער געפּיעשטשעט און זי האָט עס אין אים פאַרפלאַנצט די יידישע ווייכקייט און די יידישע עמפּינדלעכקייט צום צווייטנס צער און פּיין.

די עלטערן קאָראָטס זענען געווען קרעמער. אויף איינער פון די קראַסנאָיאַרסקער הויפּט-גאַסן, אין האַנדלס-צענטער, האָבן זיי געהאַט אַ גרויסע אוניווערסאַלע קראָם (דעפּאַרטמענט סטאָר) און האָבן זיך גערעכנט אין שטאָט אַלס פאַרמעגלעכע באַלעבאַטים, האָבן זיך אויפגעפירט אין שטוב יידישלעך, אָבער אויפן סיבירישן שטייגער: פרייטיק פאַרנאַכט שטרענג אָפּגעהיט דאָס ליכט-בענטשן, די אָוונטדיקע טראַדיציאָנעלע שבתדיקע סעודה, אָבער די קראָם איז געווען אָפן, און דער מסחר איז אָנגעגאַנגען ווי אין מיטן וואָך א. א. וו. די קינדער האָט מען געלאָזט לערנען יידישקייט ביי די „ווינרעכט-פריווילעגירטע" מלמדים, וועלכע האָבן, במחילה, אַליין קוים עברי געקאָנט, און דערביי איז עס געבליבן מיט זייערע יידישע קענטענישן. דערפאַר אָבער איז דער בן-יחיד אַוועק אין רעאַל-שול און די טעכטער—אין גימנאַזיע. די קינדער זענען געווען זייער פעיקע און האָבן געענדיקט די מיטל-שולן אָן אָנשטרענגונגען און מיט אויסצייכענונגען, אָבער ווייטער פון דעם איז עס נישט אַוועק, צו קיין אוניווערזיטעט איז עס נישט געקומען. דער אַלטער קאָראָט האָט באַדאַרפט הילף. דעם בן-יחיד האָט עס אַליין געצויגן צו מסחר, און ער האָט אויפגעגעבן דעם געדאַנק פון אוניווערזיטעט און זיך גענומען צו מסחר. אַ פעיקער, אַ היציקער, מיט אַ סוחרישן שווונג, האָט ער אין משך פון אַ פּאָר יאָר פאַרשפּרייט זיינע געשעפטן ווייט, אויסער די גרענעצן פון קראַסנאָיאַרסק. ער האָט געעפנט אַ געשעפט אין אירקוטסק, אין כאַרבין, און האָט זיך דירעקט פאַרבונדן מיט יאַפּאַן, פון וואַנען ער פלעגט ליפערן פאַרשידענע סחורות פאַר סיביר און אויך פאַר צענטראַל-רוסלאַנד. צו דערדאָזיקער אַרבעט האָט ער צוגעצויגן די יינגערע שוועסטער זיינע, העלענע, וועלכע האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ זייער פעיקע געשעפטספירערין. זי איז געווען די פאָרשטייערין פון דער פירמע „קאָראָט און

קאַמפּ." אין יאַפּאַן און כאַרבין און האָט זייער פיל אויפגעטון.

דעם יונגן קאָראָטס טעטיקייט האָט צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון אַלע סוחרישע קרייזן אין יענער געגנט, און זיי האָבן אים געשאַפן אַ נאָמען. דאָס האָט נאָך מער געררייצט זיין אַמביציע, און ער האָט זיך אַלץ מער און מער צעשפּרייט אין דער מסחר-וועלט און איז געוואָרן זייער רייך. מיט דער קראַסנאָיאַרסקער „געזעלשאַפט" איז ער געווען אַ גוטער ברודער, מען האָט אים פאַרגעלייגט פיינע שידוכים (קריסטלעכע). אָבער ער האָט אויסגעפונען פאַר זיך אַ שיינע יידישע טאָכטער, אַ בת-יחידה, און האָט מיט איר חתונה געהאַט. אינגיכן זענען די אַלטע קאָראָטס געשטאָרבן. און דאָס יונגע פּאָרפאָלק האָט איבערגענומען צו זיך די עלטערן פון דעם ווייבלס צד, די ה. קאָראָטס שווער און שוויגער מיט זייער איינציקן זון, אַ יונג בחורל. דער שווער איז אויך געווען אַ פעיקער סוחר, און האָט פאַרבונדן זיינע געשעפטן בשותפות מיטן איידעם, ד. ה. מיט קאָראָטן, און עס איז זיי געגאַנגען בהצלחה.

קאָראָטס הויז איז געווען פון די ערשטע און חשובסטע אין שטאָט. דער יונגער יידישער סוחר האָט פאַרנומען אַ חשובן פּלאַץ אין דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג, און די אָנגעלעגנהייטן פון דער ביז מלחמהדיקער, פאַרשלאָפענער יידישער קהלה זענען אינגאַנצן געלעגן אויף זיינע פּלייצעס. קיין פוסטער פראַנט איז קאָראָט נישט געווען; נישט קוקנדיק אויף זיין געוואַלדיקער לעבנסלוסטיקייט, האָט עס אים געצויגן צו ערנסטער אַרבעט, צו באַצוועקטער כלל-טועריי, וועלכע האָט אַ זין. און אויך אויף דעם געביט האָט ער אַרויסגעוויזן פעיקייטן, שווונג און אַ חוש פאַר פּערספּעקטיוו.

עס איז דעריבער קיין חידוש נישט, אַז ווען עס האָט זיך אין קראַסנאָיאַרסק, מיטן אָנקומען פון די פּליטים, אָנגעהויבן אַ גרויסע וויכטיקע טעטיקייט, האָט קאָראָט פאַרנומען דעם אויבן-אָן אין דער גאַנצער אַרבעט. צו אים זענען צוגעשטאַנען נאָך עטלעכע מענטשן מיט אַ גרויסן ווילן און חוש פאַר כלל.

אַרבֿעט, אָבֿער דער הויפּט-טוער איז געווען קאָראָט. ער האָט זיינע פערזענלֿעכע ענינים כּמעט אינגאַנצן איבערגעלאָזן אויף גאָטס באַראָט. די איינציקע אַרויסהעלֿפערין אין די אייגענע געשעפטן איז געווען די שוועסטער העלֿענע און דער אַלֿטער שווער. זיי ביידע זענען אָבֿער געווען צו-שוואַך אַרומצולויפן טאָג-איין, טאָג-אויס, איבער פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך, צו וועלֿכע מען דאַרף פאָרן מעת-לעתנווייז. דאָס האָט אָבֿער נישט געווירקט אויף אים און עס האָט זיין טעטיקייט נישט אָפּגעשטעלֿט. ער איז געוואָרן דער לֿיבער טאַטע פון די פליטים, פאַר וועלֿכע ער האָט שטענדיק געהאַט אַ וואַרעם וואָרט, אַן עצה, קאָנקרעטע אַרבֿעט א. א. וו. ער האָט געזאָרגט און באַזאָרגט די נייע געעפנטע יידישע פאָלֿקסשולֿן מיט לערנביכער, מיט מאָדערנער מעבֿלירונג, מיט מאַפּעס, גלאָבוסן און אַנדערע מכשירים. ער האָט עס אַוועקגעשיקט אַ ספּעציעלֿן שליח קיין רוסלאַנד נאָך יידישע ביכער, ער האָט געזכות באַשעפטיקונגען פאַר די אָנגעקומענע פליטים. באַשעפטיקונגען פאַסיקע, זיכערע, ער האָט געזאָרגט וועגן היגיענישע דירות פאַר די פליטים, און וועגן אַ מעגלֿעכקייט פון מענטשלֿעכער עקזיסטענץ פאַר די עסטרייכיש-יידישע קריגסגעפאַנגענע, וועלֿכע האָבֿן זיך געפונען אין קראַסנאָיאַרסקער קאָנצענטראַציע-לאַגער אין אַ היפּשער צאָל (צוויי מיילֿ פון קראַסנאָיאַרסק, אויף אַ שטאָטישן פלאַץ, האָט זיך געפונען אַ לאַגער פאַר קריגסגעפאַנגענע. עס איז אויסגעבויט געוואָרן אַ גאַנץ שטעטלֿ, וואָס האָט זיך געצויגן מיילֿןווייט. דערעיקר האָבֿן זיך דאָרט געפינען עסטרייכער און מאַדיאַרן. צווישן זיי איז אויך געווען אַביסלֿ גאַליציאַנער און אונגאַרישע יידן. סך-הכּלֿ האָבֿן זיך אין לֿאַגער געפונען ביז דרייהונדערט טויזנט געפאַנגענע).

אַלֿע איבעריקע, וואָס האָבֿן זיך באַטייליקט אין דער געזעלֿשאַפטלֿעכער אַרבֿעט, האָבֿן אָן ספק פילֿ, זייער פילֿ געטון, אָפּט פילֿ מער, ווי זיי האָבֿן עס געקאָנט זיך דערלויבן. אָבֿער קאָראָט איז אַלֿע מאָלֿ געגאַנגען פאָרויס און געטראָגן באַרויקונג פאַר די, וואָס האָבֿן זיך גענויטיקט אין דעם. און

אַלץ איז געטון געוואָרן פּשוט, האַרציק, ברודעריש, אַזוי, אַז מען האָט קיינמאָל נישט געשפּירט די לאַסט פון פילאַנטראָפּיע.

אַלס כאַראַקטעריסטישער שטריך פון קאָראָטס באַציונג צו מענטשן און געשעענישן, קאָן דינען דער פאָלגנדיקער עפּיזאָד, וואָס האָט פּאַסירט מיט מיר, דעם שרייבער פון די דאָזיקע שורות.

אין אָנהויב יולי 1916 איז אַרויס אַ פאַראָרדענונג, לויט וועלכער איך ווער מאָביליזירט אויף מלחמה. אין דעם טאָג, ווען דידאָזיקע פאַראָרדענונג איז פּובליקירט געוואָרן, האָב איך זיך געפונען אַ צען מייל פון קראַסנאָיאַרסק, אויף אַ זומערפּלאַץ ביים יעניסיי, וווהין עס איז געקומען אויפן זומער מיין פאַמיליע פון פּעטערבורג. צוזאַמען מיט מיין פאַמיליע האָט אויך געוווינט מיין טראַגיש־אומגעקומענער חבר א. ווייטער, וועלכער האָט געאַרבעט אין הויפּטפאַרוואַלטונג פון מינוסינסק-אטשינסקער באַן, און ער האָט עס מיר געבראַכט די ידיעה, אַז איך בין מאָביליזירט אויף מלחמה.

קאָראָט האָט מיך געקענט ווייניק, מיר האָבן זיך בלויז אַ פּאָר מאָל געזען, און ווי איבעררראַשט בין איך געוואָרן, אַז ער איז געקומען צו מיר און מיט אַ פּשוטן געשעפטסמעסיקן טאָן אַ זאָג געטון:

— איר דאַרפט דאָך געוויס געלט? — אָט האָט איר דריי טויזנט רובל, פאָרט קיין... דאָרט וועט איר זיך באַפרייען פון מיליטער־דינסט.

איך האָב אים באַדאַנקט, קיין געלט, נאַטירלעך, נישט גענומען, און שפּעטער, ווען איך האָב זיך ווירקלעך גענויטיקט אין געלט צוליב מיין מאָביליזירונג, האָבן מיינע פריינט (גענוג רייכע) נישט אַרויסגעוויזן אַזאַ פּשוטע מענטשלעכע באַציונג, ווי דאָס האָט געטון דער געזונטער, פּרימיטיווער, ברייטהאַרציקער קאָראָט. אָבער נישט דאָס בין איך אויסן. וואָס איך וויל אונטערשטרייכן איז, אַז דער פּרימיטיווער סיבירער ייד קאָראָט איז נישט לערך עמפינדלעכער, פיינער און מענטש-

לעכער, ווי די פיל פאַרשפּיצטע אינטעליגענטן פון תחום און צענטראַל-רוסלאַנד.

אין דער צייט פון מיין נאָענטער באַקאַנטשאַפט מיט דעם טיף-אינטערעסאַנטן יונגנמאַן קאָראָט, האָט ער שוין געהאַט אַ קינד, געפירט אַ פיין פאַמיליע-לעבן, אין שטוב איז שטענדיק געווען פול מיט מענטשן, געקומענע צוליב פאַרשידענע ענינים. קאָראָט לויפט אַרום צווישן די אַלע באַזוכער, ענטפערט יעדן, דערליידיקט און איז אַליין פול מיט פריידיקער ענערגיע און יאָגט זיך נאָך אַרבעט.

פון דערהיים—אין קהלה, אין די שולן, קלובן,—זיצונגען, באַראַטונגען, פון דאָרט—פריוואַט צו די אָדער יענע פּליטים,—אומעטום איז ער פול, אומעטום טוט ער, האָוועט, שמאַיעט, באַזאָרגט אַלץ מיט צאַרטן פאָטערלעכן געפיל צו יעדן.

קאָראָט איז אומבאַדינגט די אינטערעסאַנטסטע פיגור אין קראַסנאָיאַרסק, נישט נאָר צווישן יידן, נאָר אפילו אויך צווישן דער קריסטלעכער באַפעלקערונג, און פיל פון אונזערע אייראָפּעישע כלל-טוער האָבן געקאָנט פון אים לערנען...

## צוקערמאַן

די צווייטע אינטערעסאַנטסטע יידישע פּערזאָן אין קראַסנאָיאַרסק איז דער וואַלד-סוחר און פאַדריאַטשיק צוקערמאַן. אָבער ער איז לחלוטין נישט ענלעך אויף קאָראָטן. אינטעלעקטועל איז ער פיל מער אַנטוויקלט, מער געבילדעט, ער איז פיל מער באַלעזן, און בכלל איז ער מער מנוחהדיק און מיושבדיק, ווי דער טעמפּעראַמענטפולער קאָראָט.

אַ מענטש אין די מיטעלע יאָרן, וועלכן עס איז אויסגעקומען פיל דורכצומאַכן בכלל און אַלס ייד אין סיביר בפרט, האָט ער אויסגעאַרבעט אין זיך אַ שטרענג-לאָגישע באַציונג צו זאַכן, צו מענטשן, צו געשעענישן. זיין וווילטעטיקייט פירט ער אָן

מיט שכל און נישט מיט געפיל. ווען ער גיט די גרעסטע סומעס, וואָס ער קאָן נאָר געבן פאַר כּלל־זאַכן, גיט ער עס נישט אַלס אַ מענטש, וואָס איז באַוויזן פון אַ געוויסן סענטי־מענט, און אויך נישט דערפאַר, ווייל ער שפּירט זיך שולדיק צו די, וואָס פאַרמאָגן נישט, ער גיט פשוט דערפאַר, ווייל ער געפינט עס פאַר ראַציאָנעל, און אַלץ, וואָס עס איז ראַציאָנעל, דאַרף געטון ווערן. פּריוואַטע נדבות גיט ער ווייניק און נישט גערן, דערפאַר אָבער אויף קהלשע ענינים און דערעיקר אויף שולן, אויף געווערק־שולן, ביבליאָטעקן וכדומה, גיט ער מיט אַ ברייטער האַנט. און נישט נאָר בלויז געלט גיט ער דע־רויף, נאָר ער פאַרנעמט זיך אויך מיט אַרבעט. אַ מענטש מיט העכערער בילדונג, מיט גענוג ידיעות, אָריענטירט ער זיך שנעל אין פאַרשידענע פראַגן, איבערהויפּט אין די, וואָס אינטערעסירן אים אַמשטאַרקסטן, און גיט צו דער אַרבעט אַ געוויסן זין און טאָן. פון די אָרטיקע יידן, וואָס האָבן זיך, מיטן אָנקומען פון די פּליטים, גענומען צו יידישער כּלל־אַרבעט, איז צוקערמאַן געווען דער אַזויגערופענער „אוטשאָני יעווריי", און די אָנגע־קומענע יונגעלייט, וואָס האָבן פּאַקטיש פאַרכאַפּט די געזעל־שאַפטלעכע אַרבעט אין זייערע הענט, האָבן זיך שטאַרק גע־מוזט רעכענען מיט צוקערמאַנס מיינונגען און שטרעבונגען. דאָס וואָס ער האָט געפונען פאַר נויטיק דורכצופירן, האָבן קיין טענות און דיסקוסיעס נישט געהאָלפן, הגם ער האָט זיך תּמיד באַמיט נישט אָנצורירן אויף אַ וועלכן־עס־איז אופן דעם צווייטנס געפילן, און אויך דער טאָן פון זיין דיסקוטירן אָדער פּאָלעמיק איז שטענדיק געווען נישט קיין אויפרעגנדיקער פאַר זיינע קעגנער, און גראָד דאָס האָט צוקערמאַנען געשאַפן פּאָ־פּולאַריטעט אפילו צווישן זיינע קעגנער. און ווען דער היצי־קער קאָראָט פלעגט מיט זיין געוויינלעכער אינטענסיווקייט און מיט זיין שטענדיקן אימפּעט דאַרפן פאַרווירקלעכן איינע פון זיינע אויפגאַבעס, וואָס זענען אויסגעפאַלן אויף זיין גורל מצד דער קהלה־באַשטימונג, אָדער אויף אַן אַנדער אופן, פלעגט ער קודם־כּל זיך מיישב זיין מיט צוקערמאַנען. זיין רויקער

לאַגישער קאָפּ האָט פאַרויסגעזען פאַרשידענע זאַכן און גע־וואָרנט דעם היציקן קאַראַט פון נישט פּאַסיקע שריט.

אַ מענטש מיט אַ סאָלידן אויסזען און הנהגה, אַ מענטש אַ קלוגער, צו וועלכן מען גייט פון שטאָט עצות פרעגן, אַ חשוב אין שטאָט בכלל, האָבן אים אַלע, אויך די אָנגעקומענע פּליטים, ערלעך געהאַלטן, כבוד אָפּגעגעבן, זייער אָפט האָט מען אים אַריינגעקוקט אין די קאַלטע אויגן זיינע, אָבער נאָ־ענט איז צו אים קיינער נישט צוגעגאַנגען, און קיין וואַרעמ־קייט, אין וועלכער עס האָבן זיך אַזוי געגויטיקט די צעזייטע און צעשפּרייטע פּליטים, האָט מען ביי צוקערמאַנען נישט געפונען.

עס פלעגן ביי אים פאַרקומען זיצונגען, פאַרזאַמלונגען, וואָס פלעגן זיך פאַרציען שפּעט אין דער נאַכט, דאַן פלעגט ער זיך אַביסל פאַנאַנדערקנעפּלען און אויפן סיבירישן שטיי־גער מכבד זיין דעם עולם מיט אָונטבּרויט און מיט אַביסל משקה. אַ ווײַלע פלעגט זיך דוכטן, אַז צוקערמאַן האָט זיך עפּעס צעוואַרעמט, אָבער דאָס האָט געדויערט בלויז אַ ווײַלע: אַ ליבנסווירדיקער, אָבער אַ קאַלטער פלעגט ער אַרומגיין ביים טיש און בעטן דעם עולם עסן און טרינקען...

דערדאָזיקער צוקערמאַן האָט זייער פיל אינטערעסאַנטע עפּיזאָדן אין דער געשיכטע פון זיין לעבן אין סיביר, וויאַזוי ער האָט אָנגעהויבן זיין קאַריערע אַלס שיק־ייִנגל ביי אַן אַרטיקן קו־לאַק, און ביסלעכווייז איז ער געוואָרן דער גרעסטער וואַלד־סוחר אין דער געגנט. ער איז געווען כמעט דער איינציקער פּאַדריאַ־טשיק אויף דער סיבירער באַן אין דער צייט פון מלחמה. ער האָט, אויב איך האָב קיין טעות נישט, אויך געבויט דאָס שטעטעלע פאַר די קריגסגעפאַנגענע ביי קראַסנאָיאַרסק. זיין געוועזענער באַלעבאָס האָט זיך בשום־אופן נישט געקאָנט יאָגן נאָך אים, זיין געוועזענעם „שיק־ייִנגל". און נאָך אַזעלכע ענ־לעכע עפּיזאָדן האָט צוקערמאַן דורכגעמאַכט אין דער געשיכ־טע פון זיין קאַריערע. צו דעמדאָזיקן דערפאָלג האָט אים געפירט נישט קיין היציקייט, נאָר פאַרקערט — מנוחהדיקייט,

ישובדיקייט. און ווייל ער איז געקומען צום דערפאָלג שטי־לערהייט, פאַרטיפט און קאָנצענטרירט אין זיך, האָט ער באַ־שאַפן מיט דעם אויך אַזאַ באַציונג צו זיך, דרך־ארץ און כּבוד כמעט פון אַלעמען, אָבער ליבע און טיפע פריינטשאַפט— זעלטן פון וועמען.

און אַזוי קאָן מען שוין אין קראַסנאָיאַרסק דעם שלאַנקן קאָראָט און דעם געזעצטן צוקערמאַן: דער ערשטער איז אַרומגערינגלט פון קליין און גרויס מיט האַרציקער ליבע, און דער צווייטער—מיט קאַלטן דרך־ארץ.

זייטיקע מענטשן זענען מקנא קאָראָטן. אָבער אַ אינטע־רעסאַנטער, מערקווירדיק־שטאַרקער און אויסגעהאַלטענער טיפּ איז אָן ספק צוקערמאַן.

## בערדיטשעווסקי

ש. בערדיטשעווסקי געהערט אויך צו די אינטערעסאַנטע יידישע געשטאַלטן, וואָס האָבן זיך אַרויסגערוקט אויף דער פּאָן פון סיבירער יידישן לעבן אין דער מלחמה־צייט. שטאַמען שטאַמט ער פון אוקראַינע, פון זוועניגראַד, פון אַ באַלעבאַטיש־יידישער פאַמיליע *). זיין פאָטער איז אַ לענגערע צייט געווען אַליין אַ וואַלד־סוחר, שפּעטער איז ער געווען פאַרוואַלטער פון דער גרעסטער יידישער זעגמיל און פאַרקעט־פאַבריק אין כער־סאָן (פאַבריק פון מאַיסיי סעמיאָנאָוויטש ראַבינאָוויטש). אויף דערדאָזיקער האָלץ־פאַבריק האָט ש. בערדיטשעווסקי אויך אָנ־געהויבן זיין קאַריערע. אַן אומרויקער, לויט זיין נאַטור, אַ רי־זיקער, ברייטפליציקער און טעמפּעראַמענטפולער מענטש, האָט ער לאַנג אויף איין אָרט נישט געקאָנט זיצן. ער פלעגט וואַנ־דערן פון שטאָט צו שטאָט, אויפבויען נייע געשעפטן, נייע פאַבריקן און באַלד זיי פאַרלאָזן און בויען ערגעץ־ווו אַנדערע.

---

*) ש. בערדיטשעווסקי איז אַ פעטער פון דעם באַרימטן פּיאַניסט לעאָ בערדיטשעווסקי.

אין זיין וואַנדער-וועג האָט ער מיט אַ קורצער צייט פאַר דער מלחמה אָנגעקלאַפּט קיין סיביר און האָט זיך באַזעצט אין קראַסנאָיאַרסק. דאָ האָט ער זיך פאַרבונדן מיט אַ גרופּע פּע־טערבורגער קאַפּיטאַליסטן, וואָס האָבן געהאַט אויפן אַבאַקאַן אַ וואַלד-קאָנצעסיע און האָט אויך דאָ אָנגעהויבן בויען אַ פאַב־ריק, קליינע שיפלעך פאַר וואַלד-טראַנספּאָרט א. א. וו.

אָנגעקומען קיין קראַסנאָיאַרסק איז ער מיט זיין פאַמיליע און האָט זיך גלייך געלאָזט הערן אין דער געזעלשאַפט. אַ וועלטלעכער מענטש, מיט אַן אימפּאָנירנדיקן אויסזען און אַ נוח לבריות, האָט ער זיך זייער שנעל פאַרקניפּט און פאַר־בונדן מיט די אָרטיקע איינוווינער. תחלת האָט גאָר קיינער נישט געוווּסט, אַז ער איז אַ ייד; און באמת איז בערדיטשעווּ־סקי גאָר ווייט אַוועק פון יידישקייט. ערשט גראָד דאָ, אין ווייטן, גויישן סיביר האָט ער זיך אומגעקערט צו יידישקייט און אומגעקערט מיט פרייד, מיטן יידישן ברען. געבראַכט האָט דערצו ווידעראַמאָל טאָקע דער יידישער מלחמה-חורבן מיט זיינע נע-ונדניקעס, די פליטים. ביי דעם גרויסן ברייט־פליציקן, פאַרגויישטן שמואל בערדיטשעווסקי האָט אַ צאַפּל געטון דאָס יידישע האַרץ, און ער האָט גענומען תשובה טון מיט ראַט און טאַט. און ער האָט זייער פיל אויפגעטון פאַר דער נייער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין דער סיבירער שטאָט קראַסנאָיאַרסק.

פערזענלעך האָט ער פיל דערגרייכט מיט זיינע פעיקייטן אויף דעם געביט פון וואַלד-געשעפט אין סיביר. ער איז גע־וואָרן אַ קענטיקע קראַפט, מיט וועלכער מען האָט זיך גע־רעכנט, ער האָט אַריינגעבראַכט רעפאָרמען אין דעם פאַך וואַלד-עקספּלואַטאַציע אין דער געגנט א. א. וו. נאָך דער ער־שטער רעוואָלוציע איז עס אים אַוועק מיט דער פוטער אַראָפּ, די געזעלשאַפטלעכע אַרבעט האָט אים פאַרשלונגען, די גע־שעענישן זענען געלאָפן צו בליץ שנעל פאַר סיביר. נאָך דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע האָט זיך דאָרט אָנגעהויבן דער בירגער-קריג, און בערדיטשעווסקי איז געווען געצוווּנגען צו

פאַרלאָזן די מנוחהדיקע שטאָט קראַסנאָיאַרסק און אַריבערפּעקלען זיך אין דער רוישיקער מאָסקווע. אויך דאָרט איז אים צו־ערשט געגאַנגען נישט גוט און היינט־צו־טאָג געפינט ער זיך שוין אין פּעטערבורג, ווידער אַ טרוימער, אַ בויער, מיט שווונג און פּערספּעקטיוון.

בערדיטשעווסקי געהערט אויך אָן ספק צו די חשובסטע געשטאַלטן פון סיבירער יידנטום.

כדי פולער צו מאַכן דאָס בילד פון די קראַסנאָיאַרסקער געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע עסקנים, דאַרפן דערמאָנט ווערן נאָך אַ פּאָר מענטשן, וועלכע האָבן זיך אויך אויסגע־טיילט מיט זייער טאָג־טעגלעכער, אומדערמידלעכער כלל־אַרבעט.

צו די פּערזאָנען געהערן: דער פאָטאָגראַפיסט שאַפּירא, דער אַפּטייקער נאָווי, דער אַרויסגעבער פון דער רוסישער קאַדעטישער צייטונג (כ׳האָב פאַרגעסן זיין פאַמיליע־נאָמען, דוכט זיך—בערגמאַן), און דער לערער פון דער שטאָטישער יידישער פאָלקסשול —גיגוז.

די ערשטע דריי אויבנדערמאָנטע פּערזאָנען זענען שוין אַלטע תּושבים אין קראַסנאָיאַרסק. דער צייטונגס־אַרויסגעבער (אַ געלער ייד מיט כיטרע אייגעלעך און אַ שפּאַניש בערדל), האָט געשמט פאַר אַ געוואַלדיקן ראַדיקאַל, און אַלע פּאָליטישע פראַגן פלעגט קראַסנאָיאַרסק דערליידיקן טאַקע ביי אים... שטאַמען שטאַמט דערדאָזיקער פּאָליטיקער פון ווילנע, פאַר־שיקט איז ער געוואָרן מיט יאָרן צוריק פאַר עפּעס אַ פּאָליטיש פאַרברעכן. איצט איז ער דאָ אַ תּושב און איז נאָך אַלץ אַ „פּאָליטישער". ער איז דער טרעגער פון ראַדיקאַליזם פון דער גאַנצער באַפעלקערונג אין קראַסנאָיאַרסק און פון די יידן בפרט. אָן דערדאָזיקער פּערזאָן שפּירט זיך קראַסנאָיאַרסק פאַר־יתומט, און דעריבער פאַרנעמט ער אין דער געזעלשאַפטלע־כער אַרבעט א פּלאַץ ווי עס קומט אים... כאַראַקטעריסטיש איז פאַר אים דאָס, וואָס סיביר האָט אויף אים קיין שום ווירקונג נישט געהאַט, — ער איז געבליבן אַזוי קרויזלדיק און

פשטלדיק, ווי ער וואָלט גאָר פון ווילנע נישט אַרויסגעפאָרן.

דער פאָטאָגראַפיסט שאַפּירא און דער אַפּטייקער נאָווי — זענען געווען די געזעלשאַפטלעכע האַרעפּאַשניקעס, וועלכע האָבן געטון זייער אַרבעט מיט יראת־הכבוד, נישט זוכנדיק קיין כבודים פאַר זיך, אָפּט פאַרוואָרלאָזנדיק די אייגענע געשעפטן (הגם אַלע זענען זיי געווען גענוג פאַרמעגלעך, און אַנדערע זענען געווען אפילו רייך). און דידאָזיקע שטילע אַרבעט האָט זיי דווקא אַרויסגעשטויסן אויפן פאָדערגרונט, און האָט זיי אַרויסגעשטעלט אין זייער אַ שיינער ליכט, און האָט זיי שטאַרק חשוב געמאַכט ביי דער גאַנצער באַפעלקערונג, אפילו ביי דער נישט־יידישער. און אין פנקס פון דער קראַסנאָיאַרסקער יידי־שער געזעלשאַפטלעכקייט וועלן די צוויי שטילע עסקנים זי־כער זיין פאַרשריבן אין די ערשטע רייען. זיי האָבן עס כשר פאַרדינט.

גאָר אַ קאָמישע פיגור איז געווען דער לערער גיגוז. ער איז אויך אַ ווילנער און איז אָנגעקומען קיין קראַסנאָיאַרסק לעגאַל, אַלס דיפּלאָמירטער לערער (געענדיקט ווילנער אינסטי־טוט), צו פאַרוואַלטן מיט דער תלמוד־תורה, וועלכע איז אָבער איצט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויסער, מאָדערנער יידישער פאָלקסשול.

אַ קליינינקער, מאָגערער, האַלב־פליכוואָטער אויסגעצער־טער יונגערמאַנטשיק, האָט ער געמאַכט אַ שרעקלעך קאָמישן איינדרוק, ווען ער פלעגט זיך שטאַרק צעטענהן וועגן די אָנ־געלעגנהייטן פון שול. זיין נערוועזיטעט פלעגט פאַרניכטן זיין טל־ומטרדיק קערפּערל, דער נאַקעטער קאָפּ פלעגט זיך צע־רויטלען פון זיין אויפרעגונג, און אָפט פלעגט קיינער נישט פאַרשטיין, וואָס ער טענהט אַריין פון דער טריבונע, וועגן וואָס ער קאָכט זיך און שרייט. און די ערשטע צייט האָבן די סיביריאַקעס אָפּט אויסגעבראָכן אין אַ געלעכטער פון דעם קאָ־מישן אויסזען פונם נייעם ווילנער לערער.

קאָמיש איז נאָך אויך געווען דאָס, וואָס פאַר גיגוזן איז די גאַנצע וועלט געווען פאַרשלאָסן אין שול. ער האָט קיין

זאַך נישט געזען, קיין זאַך נישט געהערט און נישט פאַרשטאַ-
נען. די מלחמה איז אים אָנגעגאַנגען בלויז אויף אַזוי פיל, ווי-
ווייט ער זאָל אין איר נישט אַריינגעצויגן ווערן...

די ערשטע צייט האָט זיך גיגוז געשפּירט עלנט צווישן די סיבירער מנוחהדיקע יידן, אָבער מיטן אָנקומען פון די יידישע פּליטים, איבערהויפּט ווען די צווייטע גירושים-כוואַליע האָט געבראַכט קיין קראַסנאָיאַרסק אַביסל יונגוואַרג, האַלב אינ-טעליגענטן און פּאַרטיי-בחורים, האָט ער בפּועל ממש אויפסניי דערשפּירט ווילנע, און האָט אָנגעהויבן צו לעבן ווי אַ פיש אין וואַסער...

און ביי זיין גאַנצער קאָמישקייט מוז דאָך פאַרצייכנט ווערן אויף זיין קרעדיט די רעאָרגאַניזאַציע פון דער תלמוד-תורה, דער פּעדאַגאָגישער ווילשטאַנד אין די קינדער-גערטנער א. א. וו. טאָג און נאַכט פלעגט ער אַרומלויפן איבער די שולן און קינדער-אַנשטאַלטן, פלעגט טומלען, רופן פאַרזאַמלונ-גען, שפּילן פאַר די קינדער אויף דער אומפאַרמיידלעכער קאָנ-צערטינע (אַן אָנשיקעניש אַזאַ פון ווילנער אינסטיטוט...), און אַ פאַרמאַטערטער מיט אַן אויסזען פון גרוגרת דר׳ צדוק, פלעגט ער שפּעט ביינאַכט זיך אומקערן פון דער אַרבעט. און אַזוי טאָג-איין, טאָג-אויס.

און אויב קראַסנאָיאַרסק האָט אין דער צייט פון מלחמה דערצויגן אַ מחנה פון זיבן-אַכטהונדערט קינדער, האָט גיגוז דעם גרעסטן חלק אין דערדאָזיקער דערציונג, און דאָס דאַרף באַטאָנט און באַצייכנט ווערן.

## ב. ווילנער פון מינוסינסק

אַז מען דערנעענטערט זיך צו דעם שיינעם, אין קאָיבאַ-לער סטעפּ פאַרוואָרפענעם, שטעטל מינוסינסק, וואַרפן זיך אין די אויגן פיר גרויסע בנינים: דער געגנט-מוזיי, די טורמע, די גימנאַזיע און דאָס פּריוואַטע הויז פון ב. ווילנער. אַ דריי-

שטאָקיק הויז (אין מינוסינסק איז אַזאַ הויז.—אַ ריז). אויף אַ שטח פון אַ גאַנצן בלאָק, האָט זיך ווילנער מיט דעם צעשפּרייט אין מיטן דער הויפּטגאַס און מאַרק־פּלאַץ און דאָמינירט איבערן גאַנצן שטעטל. אין וועלכער טייל שטאָט איר זאָלט נישט זיין, וואַרפן זיך אין די אויגן די שילדן פון ווילנערס געשעפט, די טורעמלעך און ווענעציאַנישע פענסטער פון זיין הויז. און אָוונטצייט — די עלעקטרישע באַלייכטונג, וועלכע נאָר ווילנער פאַרמאָגט אין דער גאַנצער שטאָט. ער האָט זיך נישט געפוילט איינצואָרדענען אַן אייגענע, פּריוואַטע עלעקטרישע סטאַנציע פאַר זיין הויז, געשעפט און סקלאַדעס (סטאָרעדזשעס). און בעת גאַנץ מינוסינסק זינקט אין פינסטערניש פון נאַפט־לאַמטערן, פינקלט ווילנערס הויז און געשעפט מיט עלעקטערישע לאָמפּן, וועלכע באַלייכטן מיט זייער אָפּגלאַנץ דעם גאַנצן מאַרק־פּלאַץ.

דער ייד ווילנער איז די צענטראַלע פיגור פון מינוסינסקער האַנדלס־וועלט און פון דער גאַנצער געגנט.

אַ פּשוטער ייד, אַן עם־הארץ בן עם־הארץ, האָט ער זיך יאָרנלאַנג געוואַלגערט ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפן דערפל אין קאָיבאַלער סטעפּ, צווישן די קאָזאַקן און די טאָטערישע יעגער און איז צו קיין תכלית נישט געקומען. האָט ער זיך אָפּגעריסן פון די אָרעמע עלטערן און אַוועק אַליין אין דער וועלט אַריין צו שמידן זיין גורל. די וועלט זיינע איז ווייטער פון מינוסינסק נישט געגאַנגען. דאָרט האָט ער זיך איינגעאָרדנט ביי אַן עקספּרעסמאַן, וואָס פלעגט פירן פאַרשידענע סחורות קיין אָטשינסק (400 מייל מיטן סטעפּ) בתורת משגיח אויפן טראַנספּאָרט.

נאָך עטלעכע נסיעות מיט סחורות קיין אָטשינסק און צוריק, האָבן זיך ביי ווילנערן אויפגעוועקט זיינע ביז איצט איינגעשלאָפענע געשעפטס־פעיקייטן, און ער האָט זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט פאַרשידענע הענדלער פון מינוסינסק און פון אָטשינסק און האָט אַליין אָנגעהויבן מסחרן. ער האָט זיך גענומען צו זיין מסחר מיט אַזאַ אימפּעט, אַז אין אַ קורצער

צייט איז ער שוין געווען אַ מטופּל מיט אַ שיינע פּאָר רובל און האָט געעפנט אַ שטענדיק געשעפט אין מינוסינסק. ביסלעכ-ווייז הויבט ווילנער אָן אויסשפּרייטן זיינע האַנדלס-פליגלען אויף דער גאַנצער געגנט. ער ווערט דער אויפקויפער פון יודינער ווייץ, אַרבאַטיער און מאַנאַקער פיש, פון די גאַנצע רויע רויכ-וואַרג פון האַרבסט-יאַגד אין געגנט א. אַ. וו.

אין משך פון עטלעכע יאָר איז שוין ווילנער געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט לייפּציג, וווהין ער פלעגט אַלע יאָר שיקן גרויסע טראַנספּאָרטן פוטערוואַרג צו פאַרבן, און פון דאָרטן פלעגט עס גיין דירעקט קיין ניזשני-נאָווגאָראָד אויפן יאַריד; ער איז געווען באַטייליקט אין די קאַיבאַלער זאַלץ-גרובן, אין אַנדרייעווער (דאָבראַטשאָווס) גאָלד-גרובן א. אַ. וו.

די קליינע קראָם האָט שוין נישט געטויגט, און ווילנער האָט זיך גענומען בויען אַהיים אין דער גוויישער, פאַר אַלע יידן-פאַרבאָטענער שטאָט, מינוסינסק, און ער האָט זיך גוט נוקם געווען אין די פאַרבאָטער און באַגרענעצער... ער האָט זיך, דער איינציקער ייד, אַזוי צעלייגט און צעשפּרייט איבער דער היילקער שטאָט, אַז עס וואָלט גענוג געווען פאַר אַ היפּשער עדה יידן אין תּחום. און צעשפּרייטנדיק זיך אין זיינע בנינים, האָט ער אויך די בנינים אָנגעפילט מיט כּל-טוב: דאָס הויז — מיט די בעסטע איינריכטונגען און שענסטן מעבל, מיט גאָלד און זילבער, ביז אַן אייגענע ספר-תּורה אין הויז. די סקלאַדעס זענען געווען אָנגעפולט מיט תּבואות און פעלן, פיש און סאַראַטינער לייוונט און וואָלצייג. די קראָמען — מיט כּלערליי סחורות, אָנהויבנדיק פון טיי און צוקער און ענדיקנדיק מיט ברילִיאַנטן און די טייערסטע קליידער שטאָפן. קיין איין קריסט-לעך געשעפט איז נישט בכּוח געווען צו קאָנקורירן מיט ווילנערן, און אַזוי אַרום האָט ער קאָנצענטרירט אין זיינע הענט דעם הויפּט-מסחר פון געגנט — דעם איינקויף אין דער פּראָווינץ און דעם פדיון אין די שטאָטישע קראָמען.

ווען ווילנער האָט דערשפּירט, אַז ער איז שטאַרק רייך, האָט ער זיך אַביסל גענומען צו חשבון-הנפש, און ווי די מאָדע

איז, איז עס געווען אַ ספּעציפיש סיבירישער חשבון־הנפש. קודם־כל אַן איבעריקע ספר־תורה און מנין, דער מנין דאַרף זיין טאַקע ביי אים אין הויז, ווייַן אויף פּסח און אַן אתרוג אויף סוכות — פון מהודרים. הכלל — ער האָט זיך גענומען צו מפטיר־יידישקייט און טשאָלנט־קולטור, אָבער אויפן עם־הארצישן שטייגער. ער האָט אַריבערגעבראַכט זיין אַלטן טאַטן און האָט אים געמאַכט פאַר אַ ממונה איבער דאָס ביסל יידישקייט אין שטוב. די אַלטע מוטער, אַ ליבע, גרייז־גרויע יידענע, האָט געשוועבט איבער דער שטוב און השגחה געגעבן אויף כשרות. דאָס אַלץ האָט נאַטירלעך נישט געשטערט, אַז די געשעפטן זאָלן זיין אָפן שבת און יום־טוב, אַז מען זאָל זיך באַטייליקן אין גוישע שמחות און ימים־טובים א. אַ. וו.

אַ שטויס צום בעסערן, אָדער ריכטיקער געזאָגט, אַ שטויס פונם טויטן פונקט, האָט ווילנערן געגעבן דער אָפּקלאַנג פון דער פּליטים־כוואַליע, וואָס האָט זיך דערקייקלט אַזש אין די פאַר־וואָרפענע ווינקעלעך פון ווילדן קאיבאַל.

אין מינוסינסק זענען פאַרוואָרפן געוואָרן עטלעכע צענד־ליק פאַמיליעס פּליטים. אָנגעקומען זענען זיי אַהער נישט גע־פרעגטערהייט ביי קיינעם. די אָרטיקע אַדמיניסטראַציע האָט נישט געוווּסט וואָס צו טון מיט זיי, האָט זי זיך געווענדט מיט אַן אָנפראַגע צום גובערנאַטאָר און ער האָט באַשטימט, אַז ווי באַלד זיי מעגן וווינען אין זיין רעזידענץ־שטאָט, קראַסנאָיאַרסק, מעגן זיי דאָך אין מינוסינסק זיכער וווינען... און אַזוי איז די פראַגע פון זייער וווינרעכט געלעזט געוואָרן, און פאַר ווילנערן איז אַנטשטאַנען אַ צייט פון אַ נייער אינטענסיווער טעטיקייט. נישט פאַר זיך נאָר פאַרן כלל, פאַר זיינע פאַרוואָגלטע ברידער און שוועסטער פון ווייטן תּחום.

מיט וואָס פאַר אַ ליבע און צאַרטקייט ווילנער האָט זיך גענומען צום גורל פון די בעזשענצעס, איז פּשוט שווער איבער־צוגעבן. ער האָט זיך לחלוטין פאַרגעסן אָן זיינע געשעפטן, ער האָט אויף זיין אייגענעם חשבון אַלעמען באַזאָרגט מיט דירות. פאַר אַלע אַרבעטס־פעיקע, האָט ער געקראָגן אַרבעט, און די

פֿאַר וועלכע ער האָט עס נישט באַקומען ערגעץ, האָט ער אָנגעשטעלט ביי זיך — וועמען אויף די סקלאַדעס, וועמען אין קראָם און וועמען אַלס רייזענדע אַגענטן א. אַ. וו.

די סיבירישע ברייטקייט, די פּרימיטיווע גוטסקייט און גאַנצקייט, האָט פּשוט באַצויבערט דאָס געשטאַלט פֿון דעמדאָזיקן ווילנער.

איך האָב גראָד בייגעוווינט דעם פּעריאָד פֿון ווילנערס טעטיקייט אויפֿן געביט פֿון רעטונגס-אַרבעט צווישן די פּליטים און פֿלעג שטענדיק באַוווּנדערן דעם ריזיקן ווילן און די ברייטהאַרציקייט פֿון דעם מענטשן.

ווען איך האָב באַזוכט די אַלטע רעוואָלוציאָנערע ברעשקאָ-ברעשקאָווסקאַיאַ, וועלכע איז געווען פֿאַרשיקט אין מינוסינסק, האָט זי מיך גלייך אויפֿמערקזאַם געמאַכט אויף ווילנערס טעטיקייט, באַמערקנדיק דערביי, אַז אַזעלכע ווי ווילנער געהערן נישט צו פֿאַרלוימדעטע בורזשויען און קאַפּיטאַליסטן, וועלכע גיבן נדבות, כּדי יוצא צו זיין פֿאַרן אייגענעם ברודיקן געוויסן; ווילנער איז פּרימיטיוו און גיט מיט אַן אוממיטלבאַרן געפֿיל פֿון ליבע, און דעריבער ציילט ער נישט און דעריבער פֿאַרדינט ער געלויבט צו ווערן.

און נישט נאָר ברעשקאָווסקאַיאַ, נאָר אַלע שיכטן פֿון דער מינוסינסקער באַפֿעלקערונג און פֿון געגנט האָבן זיך באַציגן צו דעם יידן, ווילנער, מיט גרויס דרך-ארץ און ליבע. ער האָט געשמט אויף הונדערטער מיילן אַרום מיט זיין ענערגיע, שטאַרקן ווילן, אויסערגעוויינלעכער אָרנטלעכקייט און לעצטנס אויך מיט זיין כּלל-טועריי.

און דער שם זיינער, זיין גוטער נאָמען איז אַ כּשר פֿאַרדינטער. ווילנער איז באמת איינע פֿון די אינטערעסאַנטסטע פּרימיטיווע סיבירער יידישע טיפּן, וועלכע איך האָב באַגעגנט אויף מיין רייזע, וועלכער האָט ערלעך דורכגעמאַכט אַ שווערן וועג, ביז ער האָט פֿאַרנומען זיין פּלאַץ, וועלכער געהערט אים אָן ספק, לויט זיינע פֿאַרדינסטן.

# נ. יודאָוויטש

נ. יודאָוויטש געהערט אויך צו דעם מין מענטשן, ווי ווילנער. אָבער פון אַ קלענערן מאַסשטאַב, מיט ווייניקער אַמביציע און ענערגיע. אָבער ער שמט אויך אין מאַריאַנסק אַלס איינער פון די וויכטיקסטע מענטשן און סוחרים אין שטאָט.

מאַריאַנסק איז אַ קליין אויעזדנע שטעטל אין טאָמסקער גובערניע. קנאַפּע צען טויזנט איינוווינער, און יידן זענען דאָרט פאַראַן בלויז עטלעכע הונדערט נפשות. קיין אָרגאַניזירט קהלה-לעבן איז דאָ אַ לאַנגע צייט לחלוטין נישט געווען (אין מינוסינסק איז עס נאָך אין יאָר 1916 אויך נישט געווען). ערשט אין יאָר 1910 האָט זיך אָרגאַניזירט אַ יידישע קהלה, און אין יענעם יאָר האָט זיך געעפנט אַ געזעלשאַפטלעכע יידישע אָנפאַנגס-שול פאַר ייִנגלעך, אָבער אפילו נאָך דעם ווי די קהלה איז געווען אָרגאַניזירט, האָט זי אויך נישט פיל אויפגעטון אויפן קולטורעלן געביט פאַר דער קליינער יידישער באַפעלקערונג.

און אויך דאָ איז די רעוואָלוציאָניזירונג פונם יידישן לעבנס-שטייגער געקומען דורך די מלחמה פליטים, און אויך דאָ האָט דידאָזיקע רעטונגס-אַרבעט אַרויסגערוקט יידישע טוער, אינטערעסאַנטע און איבערגעגעבענע צו כלל-אַרבעט.

מאַריאַנסק שטייט ביי דער באַן און דעריבער זענען די פליטים, נאַטירלעך, צופרידן געווען צו בלייבן דאָ, נאָך חדשים רייזע און מאַטערניש. צי איז עס אַ פּאַסיקער פּלאַץ, וועט מען זען שפּעטער. — מיט וואָס איז מאַריאַנסק בעסער אָדער ערגער פון אַמשענסק אָדער קאָנסק?

מאַריאַנסק איז פּלוצלינג באַרייכערט געוואָרן מיט אַ הונדערט פליטים פרישע יידן, וואָס האָבן זיך גענויטיקט אין באַלדיקער הילף. מען איז געקומען צו דער קהלה, און דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די קהלה איז אייגנטלעך איין מענטש—נ. יודאָוויטש. און אַזוי איז עס טאַקע געווען. ביז די יונגע פליטים האָבן זיך אָריענטירט אין דער סיטואַציע און האָבן אַרייַנגענו-

מען די קהלשע אַרבעט אין זייערע העגט. יודאָוויטש איז נאַ־טירלעך געווען מיט זיי און איז געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער אַרבעט.

נ. יודאָוויטש איז אַ הויכער, געזונטער, פּשוטער ייד. זיין לומדות דערגרייכט אויך נישט ווייטער פון אַן אויסגעמאַטערטן מפטיר. ער איז שטאַרק רייך און פירט זייער גרויס זיינע געשעפטן. רייך געוואָרן איז ער פון פוטער. איבער גאַנץ מאַריאַנסקער קרייז געפינען זיך כוטאָרעס מיט לאַטישן און עסטאָנער, וואָס פאַרנעמען זיך מיט פאַכטעריי. זיי פאַרמאָגן די בעסטע סאָרטן בהמות, און מאַריאַנסקער מילכיקס—קעז און פוטער—איז באַוווסט איבער גאַנץ סיביר און אויך אין צענטראַל־רוסלאַנד. דערדאָזיקער מסחר פון פוטער און קעז איז קאָנצענטרירט אויסשליסלעך אין יודאָוויטשס הענט. דער איינציקער מער אָדער ווייניקער ליטישער ייד, האָט ער באַוויזן צו קאָנצענטרירן אין זיינע הענט דעם הויפּט־מסחר פון דעם קרייז, און אַלע קריסטן קוקן און וווּנדערן זיך, וויאַזוי עס האָט פּאַסירט. אָבער קיין שונאים, חס־ושלום, האָט ער נישט, ער לעבט מיט דער קריסטלעכער באַפעלקערונג פרידלעך און חבריש.

אין דער רעטונגס־אַרבעט צווישן די פּליטים האָט יודאָוויטש אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקן ווילן, פיל ענערגיע און אַ שכל־הישר, וויאַזוי איינצואָרדנען די פּליטים מיט זיכערע פּרנסה א. א. וו. ער האָט אויך נישט געשפּאָרט זיין אייגן געלט דערפאַר.

אָט דעמדאָזיקן יודאָוויטש געהערט די איניציאַטיוו צו אָרגאַניזירן אין אָנהויב 1916 אַ דעלעגאַטן־צוזאַמענפאָר פון די פּליטים, וואָס האָבן זיך געפונען אין די שכנישע שטעט: אַטשינסק, מינוסינסק, קראַסנאָיאַרסק פון איין זייט, נאָוואָניקאָלאַיעווסק, טאָמסק, אָמסק א. א. פון דער אַנדערער זייט. צוליב דעם צאַרישן רעזשים האָט דער צוזאַמענפאָר נישט געקאָנט צושטאַנד קומען אין דער צייט, ווען איך בין דאָרט געווען שפּעטער. בין איך אַליין שוין אַוועק אויף מלחמה, און איך ווייס נישט מיט וואָס זיין איניציאַטיוו האָט זיך געענדיקט־

מסתמא האָט די רעוואָלוציע אַלץ איבערגעדרייט אויף אַן אַנ־דער אופן.

אַזוי האָט אויך מאַריאַנסק פון איר גרויער פאַרבלאָזער יידישער באַפעלקערונג אויסגעטיילט איינעם אַ טיכטיקן, אינ־טערעסאַנטן יידן מיט אַ חוש פאַר יידישער כלל־טועריי און, — ווער ווייס — אפשר אויך פאַר מאָדערנער יידישער קולטור, וועלכע די פּליטים האָבן פאַרשלעפּט אין דעם פאַרוואָרפענעם און פאַרשלאָפענעם ווינקל אויף גאָטס גרויסער וועלט.

ווער ווייס? איינס איז זיכער, אַז יודאָוויטש איז אַ וויכ־טיקע פערזאָן צווישן סיבירער יידן.

---